# אינהאַלט פון בילדער און צייכענונגען

יעקב פּענטעל ביי זיין סקולפּטור־אַרבעט
און „אין נאַצי־לאַנד, געצייכנט פון באַרימטן
מאַלער מאַרק יאַפּע
ניו־יאָרק, אין די האַרדוועער־קראָם, דזשאָן, און דער
מיסטקלייבער, און דער עטאַפּ, געצייכנט פון
יונגן קינסטלער לו ברעסלאָוו
אַלע האַלץ־שניצונגען, מאַלעריי און פּלאַסטער פּאָ־
טאָגראַפּיעס פון מיין אייגענער אַרבעט
י. פּ.

אַרויסגעגעבן מיט דער מיטהילף פון קיעווער רעוואָלוציאָנערן בר. 25
און פּרויען־ברענטש 25 ב. אַרבעטער־רינג

# פאָרוואָרט.

קיעווער רעוואָלוציאָנערער ברענטש 25 און 25 ב. אַרבע־טער־רינג האָבן מיט פרייד זיך אונטערגענומען צו העלפן אַרויסגעגעבן די זאַמלונג לידער „האַמער קלאַנגען" פון פריינט יעקב פענטעל, מיטגליד פון אונדזער ברענטש. מיר זיינען דאָ ניט אויסן צו געבן אַ קריטישע אָפּשאַצונג וועגן די לידער, זאָלן די לעזער און די קריטיקער אַליין זיך שאַפן אַ מיינונג וועגן דער ווערק. מיר האָבן בלויז געראָטן אונדזער באַשיי־דענעם פּאָעט אַרויסצוגעבן זיינע לידער אין בוך־פאָרם. מיר זיינען זיכער אַז די לידער וואָס גייען אַריין אין דער דאָ־זיקער זאַמלונג „האַמער קלאַנגען" פון יעקב פענטעל, וועט זיין אַ כבוד פאַר דעם אַרבעטער־קלאַס צו וועלכן אונדזער דיכטער און קינסטלער געהערט אַליין.

די שאַפונגען פון אונדזער באַליבטן פריינט יעקב פענ־טעל, האָבן נאָך מער פאַרשטאַרקט אונדזער גלויבן אין די כוחות און שעפערישע פעאיקייטן פון דעם אַרבעטער־קלאַס.

דער דיכטער פון „האַמער קלאַנגען" צייגט אַרויס באַ־דייטנדע באַגאַבונג אויך אויף אַנדערע געביטן פון קונסט. ווי מאָלעריי, סקולפּטור און האָלץ־שניצונגען. יעקב פענטעל איז ניט קיין פּראָפעסיאָנעלער שרייבער אָדער קינסטלער, ער באַשעפטיקט זיך מיט קונסט אָדער שרייבן אין די זייער ווייניקע פרייע שטונדן, וואָס עס בלייבט אים איבער נאָך זיין שווערער אַרבעט פון וואָס ער מאַכט אַ לעבן.

די אומשטענדן אונטער וועלכע ער לעבט און קעמפט פאַר זיין עקזיסטענץ, זיינען אין קעגנזאַץ צו דעם וואָס עס איז נויטיק פאַר אַ קינסטלער.

די דערציאָונג וואָס ער האָט באַקומען אין זיינע קינ־

דער־יאָרן אין דער אַלטער היים איז פאַר קיין פאַל ניט געווען אַזאַ וואָס זאָל העלפן אַנטוויקלען קינסטלערישע פעאיקייטן. אָבער זיין פילזייטיקע שעפערישע נשמה האָט געקעמפט מיט די שווערע אַרומיקע לעבנס־באַדינגונגען און טיילווייז געזיגט. די לידער וואָס גייען אַריין אין בוך „האַמער קלאַנגען" זיינען געשאַפן אין די לעצטע עטלעכע יאָר אונטער דעם שווערן דרוק פון דעם אידעאַלן און עקאָנאָמישן לעבן. אין די היינטיקע צייטן ווען געדיכטע וואָלקנס פון רעאַקציע פאַרציען אַלץ מער דעם הימל, זיינען פאַר אונדז אַזעלכע לידער ווי פון אונדזער באַליבטן קינסטלער אַ דער־פרייענדיקע דערשיינונג. זיי העלפן אונדז אָנצוהאַלטן דעם קאַמף פאַר אַ ליכטיקער צוקונפט. מיר זיינען גליקלעך וואָס דער דיכטער פון „האַמער קלאַנגען" יעקב פענטעל לעבט צווישן אונדז און איז אויך טעטיק אין אונדזער פאַרצווייגטער באַוועגונג.

צו דער דערשיינונג פון זיין בוך געזאַמלטע לידער באַגריסן מיר אים און ווינטשן אים פיל יאָרן פון פרוכטבאַרן שאַפן.

קיעווער רעוואָלוציאָנערער ברענטש 25 און
פרויען־ברענטש 25 ב. אַרבעטער רינג



יעקב פענטעל ביי זיין סקולפּטור־אַרבעט „דער וואַנדערער"
אַ צייכנונג פון באַוואוסטן מאַלער מאַרק יאָפע

# „מיינע לידער"

אַנשטאַט אַ פאָררעדע

טראָגט זיך אַוועק מיינע לידער,
ביז ווייט אויף דער יידישער גאַס;
ווען איר באַגעגענען דאָרטן
אַכטונג פיליכט אָדער שפאַס.

כ'האָב געדאַרפט אַייך אויספוצן,
יום־טובדיק שיין, ווי ביי לייטן;
און אייערע אָרעמע קליידער, —
אויף פאַרביקע נייע פאַרבייטן.

האָט איר זיך, ווי קינדער געריסן,
געריסן צום גאַס נאָר אַרויס;
און ווי פון אַ תפיסה אַן ענגע,
אַנטלויפן פון אייגענעם הויז.

און דאָרטן וועט איר שוין דערפילן,
אייערע מעלות און ווערט;
איך ווייס שוין וואָס פאַראַ גליקן,
אייך איז דאָרטן באַשערט.

דאָך זייט ניט, איר לידער, געפאַלן
וואָס איר קומט פון אַן אָרעמע הויז;
דערפאַר זעט איר אויס דאָך נאַטירלעך
ווי ערשט פון וואַרשטאַט אַרויס.

אַייך האָט ניט פאַרגלעט נאָך דער הובל,
סימנים פון האַק אַזוי האַרב;
איר זייט ניט געגלעט, ניט געצערטלט
און ס'פעלט אייך נאָך וואו־ניט־וואו פאַרב.

אין אָרעמקייט איז אייער שאַפער געבאָרן,
אין וואַרשטאַט זיין יוגנט פאַרבראַכט.
ביז אַ הילכיקער רוף פון דער וויטן
אים האָט צום לעבן דערוואַכט.

געגאַנגען איז ער דאַן צום פאָלק
זיך איינגעהערט צו זיינע פאַרלאַנגען,
דערפאַר אַזוי ערלעך די שפּראַך,
דערפאַר אַזוי איינפאַך די קלאַנגען.

און וואָס איז זיך דאָ דען צו שעמען,
מיט פשוטקייט אויך פון דער שפּראַך?
אין גאַס דאָרט, וועט איר שוין געפינען,
מענטשן פון פאָלק נאָך אַ סך.

זיי וועלן פאַרשטיין אייך, דערפילן,
ווי אייגענע מענטשן, ווי ברידער;
ווייל ניט פאַר קיין פרעמדע איך זינג,
מיינע, פון האַרצן, די לידער.

עס וועט אייך דערקענען דער קרעמער,
אין קרעמל, וואָס שטייט לאַנגע שטונדן;
איר זייט דאָך מיט אים אַזאַ קרוב,
פיל יאָרן מיט אים שוין פאַרבונדן...

אויך ער וועט גלייך אייך דערפילן,
דעם קרעכץ אייערן און דעם ווייטיק,
ווי ער האָט געדאָרשט נאָך דער פרייהייט,
וואָס איז פאַר אים אויך אַזוי נויטיק.

איר לידער, איר זייט דאָך געבאָרן
אין קרעמל, אין הינטערשטן צימער,
וואו איך בין פאַראורטיילט צו בלייבן,
פילייכט דאָרט אויף שטענדיק, אויף אימער.

דאָך מונטער בין איך, ניט פאַרצווייפלט,
ס'קלינגט מוטיק דער קלאַפּ פון מיין האַמער;
די דלאָטעס, זיי האַקן און שניצן,
דאָס האָלץ איינגעשרויפּטע אין קלאַמער...

מיין גוף, אויסגעאַרבעט אַ מידער,
געהערט בלויז צו זיי, מיינע קונדן;
אָבער מיין האַרץ און נשמה,
מיט שיינקייט פון גייסט איז פאַרבונדן.

דאָס קרעמעריש אָרעמער לעבן —
עס האָט ניט מיין גייסט איינגעשלאָפן;
דעם „גאָלדענעם קאַלב" אַנטקעגן
בין איך קיינמאָל ניט געלאָפן...

ווען איך האָב געטראַכט און געשאפן,
געמאָלן, געקלעפּט און געזונגען,
איז מיר געוועזן פיל ליבער,
ווי ס'וואָלט דאָרט אין „קאַסע" געקלונגען...

דערפֿאַר זײַט בײַ זיך ניט געפֿאַלן,
ליב זײַט איר מיר און אויך טײַער;
אַ, ווערט ניט אַנטמוטיקט אַפֿילו,
ווען ברענען מען וועט אײַך אין פֿײַער...

איך האָב אײַך געפֿלעגט און געצערטלט,
אין שטילקייט פֿון אײנזאַמען לעבן;
כ׳לאָז אײַך אַרויס אויף דער פֿרײַהייט, —
אויף ווײַטע" מײַן חלום צו וועבן...



האָלץ שניצונג

# אַ סטאָלערל

בין איך מיר אַ סטאָלערל,
בין איך מיר אַ סטאָלערל,
מאַך איך טירן, מאַך איך פענצטער,
פאַר מיין שכנס מויערל...

שאַרף איך אָן מיין זעגעלע,
שאַרף איך אָן מיין זעגעלע,
נאָכן צייכן אויפן ברעטל,
גייט זי גלייך איר וועגעלע...

שאַרף איך אָן מיין הובעלע,
שאַרף איך אָן מיין הובעלע,
הובל איך אַ גאַנצן טאָג,
מיט סטרוזשקעס פול דאָס שטיבעלע...

מאַך איך שיינע בעטעלעך,
מאַך איך שיינע בעטעלעך,
איך אַליין אויף סטרוזשקעס שלאָף,
און אויף האַרטע ברעטעלעך...

ביי דער אַרבעט נאָר איך טראַכט,
פון אַלע זאַכן וואָס איך מאַך,
פאַר די שכנים, פאַר די פריצים,
און פאַר מיר אַליין קיין זאַך...

צי אַרבעט איך — שטאַרק געגוג
עס הילכט מיין האַמער פול מיט קלאַנג?
פלינקער לויפט מיין זעג און הובל,
נאָכן טאַקט פון מיין געזאַנג...

לידער זינג איך לוסטיקע,
ווערט די אַרבעט שנעל געטאָן,
פון דעם גרילצן פון מיין זעג,
ווערט אַ שיינער צויבער־טאָן...

אַרבעט... אַרבעט... אַרבעט...



דער פּאַרכאַפּער (אַ האָלץ שניצונג)

# אונדזער שיינע שטאָט ניו יאָרק

ניו יאָרק דו מעכטיקער ריז!
פון שטאָל פאַרבויטע גאַסן;
עס קלינגען דאָ אַלערליי שפּראַכן,
פון אַלערליי פעלקער און ראַסן.

הונדערטער שיפן זיי שניידן,
אַדורך דיינע ריזיקע טייכן;
און הוידען די מענטשן ווי כוואַליעס,
אַלץ ווייטער און ווייטער צו גרייכן.

פון שטאָל און פון אַייזן געפלאָכטן
הענגען די ריזיקע בריקן,
הויכע וואונדער טורעמס,
מיט די מאָדערנע פאַבריקן.

אונטער די גרונטן די טיפע
לויפן די הונדערטער באַנען;
און אין דער לופטן, ווי פויגלען,
פליען אַרום עראָפּלאַנען...

און דיינע גאַסן פאַרהילכן,
די יאָגנדע רייכע מאַשינען,
און מענטשן ווי כוואליעס, זיי שטראָמען,
און האַלטן אין גיין און אין קומען...

ניו יאָרק, דו ווערסט קיינמאָל מיד,
ביסט שטענדיק ענערגיש וואַכיק
ווי אַ יונג שיינע מיידל,
שטיפעריש פריילעך און לאַכיק...

די האַלטסט דיינע זאָרגן פֿאַרבאָרגן,
פֿאַרדעקט אונטער האַמערשע קלאַנגען;
מיליאָנען מענטשן פֿרייע!
מיליאָנען, ווי שקלאַפֿן געפֿאַנגען...

גאַסן שמאָלע, שטיבער גראָע,
אומעטיקע גלייכע;
גאַסן ברייטע, אויסגעפּוצטע,
ליכטיקע און רייכע...

פֿריידן, ליידן, אויסגעמישט,
טראָט נאָך טראָט מאַרשירן;
עס פֿעלן ניט קיין בעטלער,
ביי דיינע רייכע טירן...

איך באַוואונדער דיך ניו יאָרק,
דו ריז פֿון אַלע ריזן!
חנוודיק ביזטו און שיין,
און מאָדנע מיט קאַפּריזן...

האָסט באַדאַרפֿט באַהאַנדלען אַלע,
ווי די קינדער גלייכע...
דאָך ווי שלעכט צום אָרעמאַן,
און גוט אַזוי צו רייכע...

פֿאַר די אַרבעטער די „הילף"
ס'קלעקט קוים אויפֿן לעבן;
די רייכע באָדן זיך אין גאָלד,
און האַלטסט זיי אין איין געבן...

ווער האָט דיך אַזוי דערהויבן?
אין דיין גאַנצן פּראַכט?
וואָס נאָר דו באַזיצט,
האָט דער אַרבעטער געמאַכט...

און די רייכע — נאָר געהוליעט,
און אין חובות דיך, געטריבן;
דיינע באַנקן צעראַבירט,
שיר אין שטויב צעריבן...

צייטנווייז איך פיל אַ מיטלייד
און אָפט דו טוסט מיך שרעקן,
ווען עס קומען שווערע וואָלקנס,
דיין שטאָלצן קאָפּ באַדעקן...

וואַשן אָפּ דיין פאַרב,
און לעשן אויס דיין בליק.
דיינע האָר צעשויבערט
ווי פאַרשפּילט דיין גליק.

ווער מאַכט דיך ווידער שטאַרק
און ברענגט צוריק דיין פּראַכט?
דאָס איז די האַנט פון אַרבעט
וואָס שטענדיק דיך באַוואַכט...

## צו אונדזער יוגנט

עס הערן זיך שוין ווידער,
די פרײלעכע לידער,
אין ווײטקײט פֿאַרשוואונדן די נאַכט.

די זון וואַרפֿט שוין שטראַלן,
די פֿױגעלעך שאַלן,
דער מאָרגן קומט אָן מיט זײַן פּראַכט.

פֿון דעם טאָל פֿון דעם שטילן,
עס הערט זיך דאָס טרילן,
אַ שטימע־העל שטיפֿעריש לאַכט.

זי קומט פֿון דער װײַטן
צו אונדזערע צײַטן,
די יוגנט ערמוטיקט, דערוואַכט.

די יונגע און זאַפֿטיקע
פֿרישע און קרעפֿטיקע,
מאַרשירן מיט אונדז זײַט בײַ זײַט.

זײ שטאַרקן די רײען,
די וועלט צו באַפֿרײען
פֿון שונא אין איצטיקן שטרײַט.

טאָ קומט גיכער קינדער,
איילט זיך צו געשווינדער,
די מענטשהייט בלוטעט און שרייט...

מיר ברעכן די צאַמען,
מיר קעמפן צוזאַמען,
איין מאַרש,—און די וועלט ווערט באַפרייט!...

# די פלאָטע צו גאַסט אין ניו יאָרק

א גרויסער גאַסט איז אָנגעקומען
ווייט אַזש פון פּאַסיפיק ברעג;
מיט אַ ליאַרעם, מיט אַ ברומען,
פון אַ ווייטן, ווייטן וועג.

פלאַטערן די יובל־פאָנען,
מיט טראָמפּייט און מיט סיגנאַל;
אַרומגערינגלט מיט קאַנאָנען,
צוגעגרייט פאַר איבערפאַל...

און אַ שיף מיט עראָפּלאַנען,
ווי אַ גרויסער פעלד פאַרזייט;
שיינער האָדסאָן האָט פאַרשטאַנען,
האָט פאַר אים די ברוסט צעשפּרייט...

און זיין זילבערדיקן וואַסער
אויך באַשפּריצט מיט גאָלדן ליכט;
און ביינאַכט האָט די לבנה,
ליב צעשמייכלט איר געזיכט.

קליינע שיפעלעך ווי פליגן
שווימען הין און הער דורך טעג;
יונגע מיידלעך ווי די ציגן,
טאַנצן לוסטיק אויפן ברעג.

נעמען אויף די יונגע מאַנשאַפט
פול מיט ליבשאַפט און פאַרלאַנג;
אין די קרעטשמעס — ניי באַקאַנטשאַפט,
הילכט אַפּ פריילעך אַ געזאַנג..

און אין יעדן טונקלען ווינקל,
זיצט פאַרבאָרגן שטיל אַ פּאָר;
ציטער־פרייד און אויגן־פינקל,
רויטע, בלאָנדע, שוואַרצע האָר...

שטייען ריזיקע קאַנאָנען
אָנגעשטעלט צום ווייט דעם בליק...
און פון אויבן יובל־פאַנען,
ווי געקומען ערשט פון זיג...

## מלחמה־קלאַנגען

ווילדע קלאַנגען קלינגען,
בייזע ווינטן קלאָגן,
פאָלק וויל פאָלק פאַרשלינגען,
מענטש וויל מענטש דערשלאָגן.

שוואַרצע וואָלקנס שוועבן,
ווילדע פויגלען פליען, —
דראָען יונגע לעבנס,
וואָס הייבן אָן איצט בליען.

דונערן און בליצן,
שרעק פון אַלע זייטן!
און מיט שווערדן שפּיצן,
מענטש, מיט מענטש, שטרייטן.




אַ זעלבסט־בילד (אין פלאַסטער)

# אַמעריקן לידזשן

וועלקאָם, צום „אַמעריקן לעגיאָן״
זאָגט די רייכסטע שטאָט ניו יאָרק:
אַלץ איז גרייט פאַר אייער פאָן,
ביר און צובייס — טרינקט אָן זאָרג...

אַלע טירן שטייען אָפן,
ס׳וואַרטן אויסגעשטרעקטע הענט;
די געשעפטסלייט אַלע האָפן, —
דעקאָרירטע אַלע ווענט.

אייך באַגריסן עראָפּלאַנען,
און טרומפּייטן־שאַל דעם העלד;
רויש פון פויקן און קאַנאָנען —
אַלץ, וואָס אייך און אונדז געפעלט...

אויסגעשטאַטענע האָטעלן,
אָפן זענען פאַר אייך ברייט.
עס וועט קיין זאַך אייך דאָ ניט פעלן
און אַלץ פון שענסטן אָנגעגרייט.

די „בירגאַרדנס״ זיך שוין באַנייען,
באַצירט מיט פאָנען פענצטער, טיר.
דאָ צו טרינקען, רויכ׳נען, קייען, —
וועלקאָם, העלדישער לעגיאָנער!

און די לעגיאָנערן קומען,
פון יעדן שטאָט און יעדן שטאָט,
אין קאָליר־רייכע קאָסטיומען,
זיי מאַרשירן אין פּאַראַד.

אַ, נאָך פרידן ווי זיי בענקען,
אַ פרידנס־רוף, — איז זייער וועג;
ווייל דעם וועלט־קריג זיי געדענקען,
יענע בייזע נעכט און טעג...

ווער אויף קוליעס אָנגעשפּאַרטע,
און ביי דעם אַ האַנט עס פעלט...
ווער פון גאַזן אויסגעצערטע,
ווער געליטענע פון קעלט...

דאָך אַ סך — געזונט און מונטער,
מיט געביילטע שטאַרקע הענט, —
שרייען זיי: מיט קריג אַרונטער!
און עס ציטערן ניו יאָרקס ווענט.

און נאָך שטאַרקער פון די שרייער
רודערט יעדער עראָפּלאַן,
מיט די נייסטע פייער־שפּייער,
גרעסטע „באָמבערס" וואָס איז פאַראַן...

אויך געשרייען פון מאַרשירער,
זיך פאַרזאָרגן מיט אַ פּלאַט,
אין שרעק צו האַלטן לענדער־פירער,
זיכער האַלטן לאַנד און שטאָט.

טייער איז דער פרידן, טייער,
און פון לעבן דאַרף מען נעמען!
ניו יאָרק, איז אַ שטאָט פול פייער
ס׳איז ניטאָ זיך וואָס צו שעמען.

גיסט דאָס וויין און פילט די בעכער,
טרינקט פאַר פרידן וואָס וועט קומען;
זינגט דאָס ליד פון פרידן העכער;
זינגט פון יוגנט און פון בלומען...

זייט וועלקאָמען, לעגיאָנערן,
ווער און וואָס איר זאָלט ניט זיין;
לאָזט דעם פרידן ניט צעשטערן,
וועט די וועלט אַ פרייע זיין...

# „די וועלט פון מאָרגן"

(איינדרוק פון ניו־יאָרק וועלט־אויסשטעלונג 1939)

עס איז ווערט צו אָפּלייגן דעם היינט,
צו קענען לעבן אין אַ וועלט פון מאָרגן;
אַ וועלט פון קונסט, אַ וועלט אָן פיינט
אַ וועלט אָן קריג אָן שרעק אָן זאָרגן.

וואו יעדער טאָג גייט אויף מיט פרייד,
און פאַרגייט מיט טענץ און מיט געזאַנג.
און אַלץ וואָס איז דורך מי פאַרגרייט
דערפילט דיין וואונטש, אין דיין פאַרלאַנג.

די נאַציאָנען פון דער וועלט,
אין שענסטן גלאַנץ פון רייך קאָליר.
ניט געשפּאָרט קיין מי און געלט,
נאָר גליק און פרייד צו ברענגען דיר.

די וואונדער־פאָנטאַנען טריאומפירן,
מיט ליכט, וואַסער און מוזיק־קלאַנגען,
אין נייע וועלטן זיי דיך פירן,
דו ווערסט פון שיינקייט ווי געפאַנגען.

פייער און וואַסער זיך פאַרוויילן,
אין אַ פריילעך טאַנץ פון קאָליר־שפּריצן.
ס׳ווערט פון וואַסער פייער זיילן,
ראַקעטן שניידן דורך די לופט ווי בליצן.

די נאַציאָנאַלע פּאַוויליאָנען,
פינקלען פריילעך מיט זייערע אויגן.
פלאַטערן זיי יובל פאָנען,
ווי צום טאַנצן זיי זיך בויגן.

איין גליענדער רויטער שטערן,
פון אַ שטאַרקער האַנט געטראָגן.
פון זיין הויך מיט פרייד טוט שווערן,
אַז ס׳הויבט שוין אָן צו טאָגן...

און באַטראַכטסטו דאָ דעם לעבן
אַזאַ שיינע וועלט אָן קריג אָן זאָרגן.
וואָלסטו וועלן שוועבן, שוועבן!
אין דער ליכטיקייט פון מאָרגן.

## ניו יאָרק, ניו דזשערזי און וואַשינגטאָן בריק

עס שמייכלט ניו יאָרק צו דזשערזי דער שיינער,
עס ציט אים צו יענער זייט טייך,
עס ווינקט צו אים דזשערזי מיט שעלמישן אויגל,
ווי שיין ער איז דאָרטן און רייך!

אַזוי טויזנטער יאָרן — זיי זענען פאַרלאָפן,
און זייערע הערצער פון ליבע עס גליט.
ניו יאָרק ווערט אַלץ שטאַרקער רייכער און רייכער,
ניו דזשערזי, זי רייצט אים און ציט.

שוין טויזנטער יאָרן זיי ווינקען אוןריידן —
זיי קענען זיך דאַכט זיך פאַרשטיין.
דאָך איינער דעם צווייטן זיי קענען ניט גרייכן,
און בלייבן באַזונדער אַליין.

דער האָדסאָן דער טיפער, זייער אייביקער שטערער
זיין וואַסער האָט ברייט זיך צעשפּרייט.
זיי קוקן אַריבער מיט בענקשאַפט אַלץ מערער,
דאָך בלייבן זיי שטענדיק צעשיידט.

שליסן זיי פריינטשאַפט מיט האָדסאָן דעם בייזן,
מאַכט ער גלאַט ווי אַ שפּיגל זיין וועג;
אויף שיפעלעך קליינע ער פירט זיי געררוסן,
אַריבער פון ברעג צו אַ ברעג...

זייער ליבע וואַקסט, וואָס אַמאָל אַלץ שטאַרקער,
ס'איז קיינער צו זיי שוין ניט גלייך;
פאַלט זיי גאָר איין אין געהיים זיך צו טרעפן,
און בויען אַ וועג אונטער טייך.

עס פּאַסט אָבער ניט פּאַר צאַרטע געליבטע,
צו הערן דעם שטיקנדן דופט.
באַשליסן זיי בויען פליענדע שיפן,
באַגעגענען זיך דאַן אין דער לופט.

דאָך ניט דורך שיפן און אַנדערע וועגן
זיי גרייכן דעם אמתן גליק.
רייך זענען זיי דאָך ביידע און מעכטיק —
פאַראייניקט זיי איצטער א בריק.

איצט פילט זיך שוין גליקלעך ניו דזשערזי —
פאַרווירקלעכט ניו יאָרק האָט זיין טרוים.
בייטאָג און ביינאַכט זיי גייען געאָרעמט
פאַראייניקט שפּאַצירן אַרום.

צווישן פיר רייען פון טויזנטער וועכטער,
מיט אויגן וואָס שטראַלן פון גליק.
באַגעגנט זיך שטענדיק ניו יאָרק מיט ניו דזשערזי,
אויפן ריזיקן וואַשינגטאָן בריק.

און זיי דערציילן איינער דעם צווייטן
וואָס פּאַר טויזנטער יאָרן זיי האָבן געטראַכט.
און פון דער נידער דער זילבערנער האָדסאָן,
קוקט צו זיי פריילעך און לאַכט.

ווען די זון גייט אַרונטער מיט גאָלדענע שטראַלן
ניו יאָרק זאָגט ניו דזשערזי גוט נאַכט.
דער וואונדער־בריק האַלט זיי איצט ביידן געאָרעמט,
מיט שטאָל און מיט אייזערנער מאַכט...

## מיין ערשטע ליד

געשריבן אין קינדערלאַנד

דאָ אין פרייען „קינדער־לאַנד״,
נעבן טייך דעם שיינעם,
גליקלעכע די קינדערלעך,
שפּילן זיי אינאיינעם.

אָפענע געצעלטעלעך,
אויף דער לופט דער פרייער ;
צו צען אין אַ גרופּקעלע,
איין לערער — אַ טרייער.

דאָ לערנט מען די קינדערלעך
אַרבעטן און שפּילן ;
אין שפּילעריי פאַרגייט אַ טאָג,
לעבנס־פרייד צו פילן.

דאָ באָדן זיך די קינדערלעך
אין דעם טייך, דעם שיינעם ;
שווימען זיי, די יאַטעלעך,
אין דעם וואַסער ריינעם...

שיפן זיך, און שטיפן זיך,
נאָר צו־ווייט ניט שווימען ;
די טרייע לערער היטן זיי,
און האָבן זיי אין זינען.

מיט שטימעלעך, מיט יונגינקע,
פון ווייטן הער איך זינגען ;
ס׳דאַכט זיך, זילבער־גלעקעלעך,
אין דער לופטן קלינגען.

ווי זיס עס איז און אנגענעם,
די שטימעלעך צו הערן!
אפשר אויף אַ ווײַלינקע,
אַ קינד אַליין אויך ווערן?

צוזאַמען מיט אייך, קינדערלעך,
גליקלעך זיך צו פילן;
ווען איר לאָזט מיך דאָ מיט אייך,
ווי אַ קינד זיך שפּילן.



שטיפעריי (אין פּלאַסטער)

## שפּילן זיך קינדערלעך

שפּילן זיך קינדערלעך
נעבן מיין פענצטער,
שטימעלעך שענער
פון מוזיק דער שענסטער.

שפּרינגען זיי שטיפעריש, —
יונגינקע האָזן;
רויטלען זיך בעקלעך,
בליענדע ראָזן.

שטראַלענדע אויגעלעך,
ווי די סאַפּירן;
אין וועלטן פון טרוימען,
זיי רופן און פירן...

וואו הערצעלעך קלאַפּן,
זאָרגלאָזע, פרייע,
וואָלט איך אַ לידעלע,
זינגען אַ נייע...

## מײן קינד

װען אַ שטורם ברױזט אַ װילדער,
שטאַרקער יאָגט און טראָגט דער װינט —
זוך איך דיך אין גרױען נעבל,
און איך רוף צו דיר, מײן קינד!

כ'פלי דאַן װי אַ װילדער אָדלער,
מיט די פליגלען ברײט צעשפּרײט;
מײנע בליקן אָנגעשטרענגטע,
צי מײן קינד פון ערגעץ גײט.

װען אַ בליץ שנײדט דורך די װאָלקנס,
ס'גיט דער דונער בײז אַ ברום...
נוץ איך אױס פון בליץ די העלקײט,
און איך זוך דיך אומעטום.

און דערזע איך דיך פון װײטן,
פלי איך שנעלער װי דער װינט;
ס'פרײט דאָס האַרץ, די אױגן לױכטן,
װען דו ביסט מיט מיר, מײן קינד!



ליאָן (האָלץ שניצונג)

# דער יונגער יעגער

געווידמעט מיין זון ליאָן

דער יונגער יעגער איז איין פרימאָרגן,
בראַוו און פריילעך אויפגעשטאַנען,
און האָט באַטראַכט זיין נייעם ביקסל,
וואָס איז אין ווינקעלע געשטאַנען.

איינגעפּאַקט זיינע כלי־זין,
מיטגענומען וואָס צו עסן;
און אין אַ פאַרבאָרגן ווינקל,
שיר די קוילן ניט פאַרגעסן.

אַ פֿאַרזאָרגטער האָט זיין פֿאָטער,
דאָך אים ניט צוריקגעהאַלטן ;
בלויז באַמערקט : „זיי, זון, פֿאַרזיכטיק !
ווי דו ווערסט די וואָפע האַלטן...״

און באַגלייט אים צו דער סטאַנציע,
זיך געזעגנט, אים פֿאַרלאָזן,
און אין שפּאַס אויך אָנגעזאָגט אים,
מיטצוברענגען אַ פּאָר האָזן...

זיצט דער „יעגער״ פֿול דערוואַרטונג,
קוקט אַריבער בערג און פֿעלדער ;
און געדאַנקען, ווי מיט פֿליגל,
דאַכט אים, שוועבן דורך די וועלדער...

און אָט לויפֿט פֿאַרביי אַ חיה,
ס'איז אַ האָז, ער וואָלט זיך שווערן !
כאַפּט זיין ביקס און הויבט אָן צילן,
וויל אָבער זיין לויף ניט שטערן...

און אָט קומט אַ פֿוקס אַ גרויסער,
קוים ער האָט אים דאָ דערזען ;
כאַפּט ער גיך זיין ביקס צו שיסן,
נאָר קען ניט... וואָס איז געשען ?

צו וואָס — טראַכט ער — זאָל ער טויטן ?
אַ חיהס לעבן וועלן רויבן ?
ווייל אין שיסן און אין מאָרדן,
בלויז נאָר מערדער קענען גלויבן...

# קינדער

קינדערלעך ליבע —
דאָס איז דאָך דאָס לעבן;
מען מיט זיך, מען אַרבעט,
זיי אַלעס צו געבן.

ווי יונגינקע בלימעלעך —
זיי צערטלען און גלעטן;
און שטענדיק פאַר זיי נאָר,
תפילה טאָן, בעטן.

פיל גאָלדענע טרוימען
מיר שפּינען און וועבן;
פאַר זיי נאָר, פאַר זיי
אונדזער מיען און שטרעבן.

ווען מיר ווערן פון לעבן
אַלץ שווערער געטראָפן;
דעם קינדס בלויז אַ שמייכל,
פילט אָן אונדז מיט האָפן.

מיר ווערן ווי ריזן
אין קאַמף פאַרן לעבן;
ווער האָט אונדז דערצו
דעם כח געגעבן?

די קינדערלעך — קליין,
די קינדערלעך שוואַך —
די ליבע צו זיי,
גיט כחות אַ סך.

## דיין קוש

דיין איינציקן קוש מיר געגעבן,
געווען איז דאָס לאַנג שוין צוריק.
דו האָסט אים אין מיר איינגעוועבן,
מיט דיין צאַרטן און שמייכלענדיקן בליק.
דו האָסט אים אין מיר איינגעוועבן,
מיט דיין צאַרטן און שמייכלענדיקן בליק.

געווען ביסטו יונג און אויפריכטיק,
איך האָב דיך נאָך גאָר ניט געקענט.
דו האָסט מיך באַטראַכט אַזוי וויכטיק,
ווען געדריקט האָב איך יעדן די הענט.
דו האָסט מיך באַטראַכט אַזוי וויכטיק,
ווען געדריקט האָב איך יעדן די הענט.

דו ביסט דאַן צו מיר צוגעקומען,
געפּרעסט דיינע ליפּן צו מיין,
די ליפּן ווי דופטיקע בלומען,
און שטאַרק ווי באַרוישנדער ווייַן.
די ליפּן ווי דופטיקע בלומען,
און שטאַרק ווי באַרוישנדער ווייַן.

דערזע איך דיך, ווער איך באַטרונקען,
פון דיין איינציקן קוש אין געדאַנק;
דו ערוועקסט די פאַרבאָרגענע פונקען,
דו דערוועקסט נאָך אַ קוש מיין פאַרלאַנג...
דו ערוועקסט די פאַרבאָרגענע פונקען,
דו דערוועקסט נאָך אַ קוש מיין פאַרלאַנג...

## „שנייעלעך"

ווייסע, קליינע שנייעלעך,
ווייכינקע און נאַס,
דרייען זיך אין דריידעלעך,
און פאַלן שטיל אין גאַס.

און די קינדער פרייען זיך,
קוים דערוואַרט דעם שניי...
די שנייעלעך זיי שפּילן זיך,
און קלעפּן זיך צו זיי...

פאַרשטעלן זיי די אויגעלעך,
די בעקלעך פאַרבן רויט;
און פון ווייסע שנייעלעך,
מאַכן זיי אַ קלייד...

זיי טראָגן זיך אין שליטעלעך,
אַראָפּ פון הויכן באַרג,
ווי שיינע, יונגע בלימעלעך,
פון דער נאַטור ניט קאַרג...

## אַרבעטער־רינג וועסט־סאַיד שול 1

צו זינגען מיט דער מעלאָדיע „אַרום דעם פייער"

ניט ווייט פון האָדסאָן, אין אַ גאַס אַ שטילער,
וואו עס שפּילט זיך שטענדיק אַ ווינטל
אַ קילער —
אין יענער גאַס האָט גענומען טאָגן,
דעם גייסט פון ארבעטער רינג אַהין
פאַרטראָגן.

דאָרט שטייט אַ שולכעלע אַ שיינע,
דאָרט לערנען יידיש קינדערלעך קליינע.
מיט פרייד זיי לערנען, און זינגען און טאַנצן,
אויגעלעך יונגע מיט פרייד זיי גלאַנצן.

דאָרט ווערט ערצויגן אַ דור אַ נייער,
און אונדזער אָרדן וועט זיי זיין טייער.
פרייד וועט קומען זיי אַנטקעגן,
אויף אויסגעבויטע פרייע וועגן.

זיי וועלן שפּאַנען פאָראויס און זינגען,
און שמידן בייע, שטאַרקע רינגען
פאַר דעם אָרדן פון זייער טאַטן,
פאַר אַ גליקלעך צוקונפט און פרייע שטאַטן.

# אַ גאַסט

נעווידמעט מיין טאָכטער באַשקע

שיינט די זון אין בלויען הימל,
ס׳בלאָזט אַ מילדער ווינט;
און אין שיינעם העלן צימער,
שלאָפט אַ יונגע קינד.

ערשט געקומען, ערשט דערזען,
פון העלער זון די ליכט;
און די מענטשן אַזוי צערטלעך,
גלעטן קינדס געזיכט.

שלאָפט דאָס קינד אין שיינעם בעטל,
באַצירט מיט בלויען זייד;
און די זון וואַרפט העלע שטראַלן,
שמייכלט פון דער ווייט...

קומט אַ פויגל צו דעם פענצטער,
און פליט אַוועק צוריק;
ווי עס וואָלט ניט וועלן שטערן,
קינדערש פרייד און גליק...

שטייט דער זיידע ביי דעם פענצטער,
רופט פויגעלע צוריק!
שטיל אינאיינעם מיטן פויגל,
זינגט ער צו — פון גליק...

שוועבט אַ וואונטש אויף זיידנס ליפּן,
אין אויג ס׳גלאַנצט אַ טרער ;
וואַרט נאָך פויגעלע אַ ווײַלע,
זינג, אָ, זינג נאָך מער !...

זינג דיין לידעלע ביים פענצטער,
וואו זון צעשטראַלט איר בליק...
ס׳קומט די מאַמע באַלד אַריין,
שמייכלענדיק פון גליק...



קרוסענטימאָס (געמאָלן צו מיין באַשקעס געבורטסטאָג)

## מיין אייניקל

צו זיין דריטן געבורטסטאָג

מיין אייניקל האָט אַ פערדעלע,
ער גייט אויף רעדלעך פיר.
ער פירט אים אויף אַ שטריקעלע,
אין גאַס אויף אַ שפּאַציר.

האָט אויטאָמאָבילן קליינע,
וואָס ער פירט מיט פרייד;
און זיין ליבלינג פייער־מאָטאָר,
איז שטענדיק ביי אים גרייט.

אַן „אייזנבאַן” אַ קליינע
מיט וואַגאָנעס פיר;
רויט און גרין סיגנאַלן,
פאַרן אינזשעניר.

ער האָט אויך אַ שווערן וואָגן,
אַ מאַשין צו גראָבן ערד;
און אויך אַ שטאַרקן טראַקטאָר,
וואָס שלעפּט אַלץ גאָר אָן פערד...

אַ רעגימענט סאָלדאַטן,
מיט ביקסן און קאַנאָן,
און אויף אַ שטאַנג אַ הויכן,
אַן אַמעריקאַנער פאָן.

## עראָפּלאַן מאַנעוורעס

געזונגען ביי מיין אייניקלס וויגעלע

שטילער, שטילער ווילדע פויגלען,
צו וואָס אַזאַ געלאַף ?
אייער רודער, ברייטע פליגלען,
שטערט די קינדערס שלאָף.

קינדער דאַרף מען דאָך ניט שטערן,
ווען זיי זענען קליין ;
לאָזט זיי פריער עלטער ווערן,
אין קאַמף צו קענען גיין...

שלאַכט-פעלדער האָט איר, די גרויסע
דאָך אַליין פאַרזייט,
יונגע לעבנס, יונגע ביינער,
פיל מיט זיי פאַרשפּרייט...

קינדער, גאָר אין מיטן בליען
פון מוטערס זיי באַרויבט ;
איז די וועלט כאָטש פריי געוואָרן,
ווי מען האָט געגלויבט ?...

דער שונא רייכער איז געבליבן,
פול מיט גאָלד און מאַכט !
ער האָט דאָך זיי צום טויט געטריבן,
און גרייט אַ נייע שלאַכט...

ווילדע פייגל, הערט אויף פליען,
אין דער ווייט זיך טראָגן!
נייע יונגע לעבנס בליען —
ניט אויף פעלד זיך שלאָגן...

איר דאַרפט דעם שונא ווייט ניט זוכן,
ניט גרויס איז זייער צאָל —
זיי פאַרשפרייטן סם גערוכן,
אַלע אויף אַמאָל...

זיי באַנוצן אייער פליען —
גיפט אין אייער ברום;
און מיט ווילדן האַס צעגליען,
די מענטשהייט אומעטום...

ווילדע פייגל שטעלט זיך אָפּ שוין —
דאָס קינד דאָך באַלד ערוואַכט,
ווערטער נאָר אַביסל גרעסער —
צוימט ער שונאס מאַכט.

# איר קינד

(מיין ליבער העלען און איר מוטער געווידמעט)

ווען דער ראָד פון מאַשין
פלעגט זיך דרייען און דרייען, —
איין טרייסט בלויז אין לעבן,
די האַרץ צו דערפרייען —
איר קינד.

איין ליכטיקער שטראַל
דורך די וואָלקנס איר שיינט,
איין העלער שטערן,
באַשיצט איר פון פיינט, —
איר קינד.

ניט שווער איז איר דעמאָלט
די אַרבעט, דאָס יאָגן,
ניט שווער איז איר דעמאָלט,
די ליידן צו טראָגן,
צו פילן די בליקן,
ווי שפּיזן, פון באָס,
צו טרינקען דעם גיפט
פון ביטערן כוס...
ווען זי טראַכט פון, —
איר קינד.

עס טראָגן געדאַנקען
זיך שנעל ווי דער ווינט;
ווער ווייס, וואָס עס טוט דאָרט, —
איצטער איר קינד?

זי איז דאָרט פאַרבליבן,
גאַנץ איינע אַליין,
אַ קינד אַזוי הילפלאָז,
אַ קינד אַזוי קליין...

צי האָט זי געגעסן,
אין שולע אַוועק ?
אין פרייד און אין שרעק,
זיך ציען די טעג...

איין איינציקער האָפן,
עס שטאַרקט אירע הענט,
איין גליענדער פונק,
עס לויכט און עס ברענט, —
איר קינד...



אַ מתנה צום ליבן דיכטער אברהם רייזען (בראָנז)
צו זיין זעכציק יעריקן יובילײ

# אין שיפעלע

שווים איך שטיל אין שיפעלע
אויפן בלויען טייך;
זינג איך צו אַ לידעלע,
מיט דער שטילקייט גלייך.

רודער איך דאָס שיפעלע
ווייט אַוועק פון ברעג;
שפיגלט זיך דאָס טייכעלע,
אין שיינע זומער־טעג..

ס׳טראָגט זיך ווייטער, ווייטער אַלץ
שיפל און געזאַנג;
און פון וועלדל ענטפערט אָפּ
שטיל אַ ווידער־קלאַנג...

# סענטראַל פּאַרק

סענטראַל פּאַרק!
דו וואונדער פון נאַטור,
ווי דורך אַ נס ביסטו פאַרבליבן,
אין מיטן פון קולטור.

אין גרעסטן שטאָט פון שענסטן לאַנד,
מיט טייכן טיף און לאַנג,
מענטשן ווי זאַמד און שטויב,
אָן אויפהער שאַלט דיין קלאַנג.

וויפל שיינקייט דו האָסט פאַרבאָרגן,
וויפל סודות אין דיין נאַכט,
ווי אַ כישוף דו באַצויבערסט,
מיט דיין אור־נאַטירלעך פראַכט.

דיין גוף אַרומגענומען איז,
פון גאַסן ברייט און שיין.
און דו טוליעסט זיך קאָקעטיש,
ווי אַ געליבטע פול מיט חן.

דיינע טייכעלעך די שיינע,
מורמלען גאַנצע טעג.
די לויפנדע מאַשינען,
ווי בינען זשומען אויף דיין וועג.

דו ווערסט באַוואַכט פון פעסטונגען,
מיט ריזיק הויכע ווענט.
מיט טורעמס — הויך, פאַנטאַסטיש —
געבויט פון מייסטערס הענט...

ווי שיין און גרויס דער וואונדער,
דעם אָטעם עס פאַרהאַלט.
שוין ניט אַמאָליק שטעטל,
מיט שטיבלעך קליין און אַלט.

די געביידעס זענען געוואַקסן
אָן קיינעם גאָר צו פרעגן,
זיי גרייכן ביז די וואָלקנס!
שמייכלען דער זון אַנטקעגן.

שטאָלץ זיי דיך באַטראַכטן,
ווי אַ ערדיש צויבער,
דו גיסט דאָך זיי צום טרינקען,
דיין וואַסער קלאָר און זויבער.

דעם דופט פון דיינע ביימער,
די גראָזן און די בלומען,
זייער גאַנצע פראַכט און שיינקייט,
האָבן זיי פון דיר גענומען.

איך קען דיין יעדער ווינקל,
דערפאַר ביסטו מיר טייער,
דו האָסט ניט איינמאָל מיך באַגייסטערט,
געצונדן אין מיר אַ פייער.

ניט איין ליד האָב איך געשאַפן,
אונטער דיינע גרינע בוימער,
אין ליבע דיר ערקלערט זיך,
ווען ניט געהערט האָט קיינער.

ווען אַ מידער פון דער אַרבעט,
איך בין צו דיר געקומען,
האָסטו רייצנדיק געשמייכלט,
דערפרישט מיט דיינע בלומען.

דיינע וועגן אויסגעשפרייטע,
און דיינע מאָנומענטן;
דו האָסט מיר פיל געגעבן,
פריידיקע מאָמענטן.

סענטראַל פּאַרק איך ליב דיך!
דו ביסט אַ קוואַל פון פרייד,
איך פאַרטרוי דיר מיינע סודות,
און זינג דיר שטילערהייט..

## גרייט פאַר וואַקאַציע

דער זומער ער וואַרט שוין,
אויף אונדז זייער גערן.
מיט זוניקע טעג
און מיט נעכט פול מיט שטערן.

די בערג און די טאָלן,
אונדז אויפנעמען גרייט,
די פעלדער מיט בלומען,
פון לאַנג שוין פאַרשפרייט.

דער בוים האַלט שוין אויסגעשטרעקט,
זיין בלעטערדיק האַנט.
דער הימל מיט זייד —
האָט פאַרשלייערט די לאַנד.

די וואַסערן פליסן,
מיט רוישיקן גאַנג —
די פייגעלעך טרילען,
פאַר אונדז אַ געזאַנג.

די בין איילט זיך צו,
און קושט יעדע בלום,
זי גרייט פאַר אונדז האָניק,
מיט פריילעכן זשום.

דער האָן פון פאַרטאָג באָך,
די הינער זאָגט אָן —
קוקו ריקו... קוקו ריקו...
געסט קומען אָן...

עס מוקעט די קו.
פאַר פרייד, צי פאַר שרעק.
דער הונט פילט זיך גליקלעך —
ער דרייט מיט זיין עק.

קומט, אַלע באַגריסן,
דעם זומער דעם פראַכט.
די מוטער נאַטור —
פון לאַנג שוין זי וואַכט.

## רעגנדיקע טעג

קלאַפּט דער רעגן מיט געטומל,
די נאַטור פאַרטרויערט זינגט אַ ליד.
כאַפּט די מוטער ערד אַ דרעמל,
פון צופיל רעגנס איז זי מיד.

רוישט דער טייך מיט אַ געפּילדער,
ווייט פאַרפלייצט ער זיינע ברעגן.
יאָגט ער זיך אַזוי אַ ווילדער,
ברויזט מיט צאָרן, זוכט זיך וועגן.

דאָך מוטער־לאַנד מיט מיר איז גערן,
און זאָגט־צו, מיר גליק צו געבן.
ווען דער רעגן וועט אויפהערן
צו פאַרגיסן זיינע טרערן.

אין מיינע אָרעמס כ׳וועל דיך וויגן.
דו ביסט ביי מיר אַ גאַסט אַ גוטער,
ווי אַ קינד דו וועסט זיך רוען,
לעבן דיין געטרייער מוטער.

עס וועט נאָך ווידער מונטער ווערן,
ווען די זון איר ליכט וועט שפּרייטן —
גערן וועט נאַטור דיר געבן.
פון אַל־שענסטן צוגעגרייטן...

## אַ נײַ ליד

כ׳וואַרף אַוועק מײַנע פּאַפּירן,
פון דער פּען איך ווער שוין מיד;
כ׳פאַרב אויף לײַוונט מיט קאָלירן,
און זינג דערבײַ אַ נײַע ליד..

אַ ליד פון גאָלדנע זונענשטראַלן,
פון גרינעם וואַלד און גרינעם פעלד;
אַ ליד פון טויזנט רײַכע פאַרבן,
פון דאָס שענסטע אויף דער וועלט.

ס׳זינגט דאָס פעלד, דער וואַלד, דער פויגל,
מײַן נשמה ווײַט עס שוועבט — — —
גלעט איך בלעטער, קוש איך בלומען,
זינגט מיר אַלץ, וואָס נאָר עס לעבט.

וואַרף איך פאַרבן אויפן לײַוונט,
זינג צוזאַמען מיטן ווינט;
גלעט ער מײַנע האָר און באַקן,
ווער איך רואיק ווי אַ קינד...

# דאָס בלום וואָס רייצט

אין פעלד האָב איך בלומען געזען ווי זיי בליען
אין אַלערליי רייכע קאָלירן;
זיי פינקלען מיט זומערדיק, זוניקן גליען,
און רייצן, און לאַכן, פאַרפירן...

געאָטעמט דעם דופט פון דער ליליע און רויז
ווי אַ בין צווישן זיי אומגעפלויגן;
פון אַלע די בלומען צווישן די גראָז,
האָט איינע מיך בלויז צוגעצויגן.

איינע מיט בלעטעלעך צאַרטע ווי זייד,
וואָס טוט מיטן ווינט זיך, ווי שפּילן...
און ווען זי צעשמייכלט זיך ליבלעך פון ווייט,
מיין האַרץ הויבט אָן זינגען אין שטילן...

איך שטיי און באַטראַכט זי די רייצנדע בלום,
וואָס וויל מיך מיט כישוף פאַרפירן;
און זאַפּ אין זיך אַיין פון איר מילדן פאָרפיום,
דאָך וואַג איך זי ניט צו באַרירן...

## צווישן פעלד־בלומען

איך ליג אין הויכן גראָז,
עס וואַרעמט מיך די זון;
פליט פאַר מיר פאַרביי,
אַ שיינע גרויסע בין.

כ׳בין פאַר איר דאָ פרעמד,
שטעלט זי זיך ניט אָפּ;
קושט זי יעדע בלום,
אויף דעם שיינעם קאָפּ...

און ווען זי פליט אַוועק
מיט געזאַנג און זשום;
קוקט זיך אום אין שרעק
יעדע צאַרטע בלום.

## הערבסט

גרוי איז דער הימל,
קיל איז די לופט,
דיביימער אָן בלעטער,
די בלומען אָן דופט.

ערגעץ וואו זעט זיך
גרין גראָז און בלעטער,
וועווערקעס גרייטן,
שוין שפּייז אָן אויף שפּעטער.

מען הערט מער קיין טרילן
פון פייגל — זיי שווייגן.
דער ווינט בלויז, דער בייזער,
זינגט צווישן די צווייגן.

## אַ שטונדע אַ פרייע...

אַ שטונדע אַ פרייע,
פון ליבע און ליידן,
אַ לידל אַ נייע,
כ׳קען ניט אויסמיידן.

אין אָוונט דעם שיינעם,
אין שטילקייט מיר הערן...
אַרום זעט מען קיינעם,
בלויז ס׳פינקלען די שטערן.

און שאָטנס פוןביימער,
מיט קראַנצן באַצירטע;
אַ חופה אָן קיינעם,
קיין אונטערגעפירטע...

אַ וועג אַ געשפרייטער,
מיט דופטיקע בלומען;
מיר גייען דערפרייטע,
מיט טרוימען פאַרנומען...

# מורמל

מורמל, מורמל, מורמל,
טייכל מיט דיין וואַסער;
אין דעם שיין פון לבנה
ווערסטו בלאַסער, בלאַסער.

ווען די זון וועט אויפגיין
פריילעכער וועט פליסן
זון אויף דיר מיט שטראַלן
און זיך גאָלדיק גיסן.

אין די נעכט די שטילע,
ווען עס פינקלען שטערן;
מורמלסטו אַ תפילה,
וואָס איז קוים צו הערן.

מורמל, מורמל, מורמל,
טייכל מיט דיין וואַסער;
אין דעם שיין פון לבנה,
ווערסטו שענער, בלאַסער...

## „בלומען"

בלומען שיינע, צאַרטע בלומען,
פון וואַנען זייט איר אָנגעקומען?
פון וועלכן בליענדיקן גאָרטן?
ווי וואָלט איך וועלן זיין אויך דאָרטן!

וואו האָסטו שיינע רויז, דערפרייטע,
באַקומען בעקעלעך, די רויטע?
און דיינע בלעטעלעך־פּאַרפיומען,
אין וועלכן שיינעם פעלד באַקומען?

און דו, פּאפּי, שטאָלצע, הויכע, —
דיינע בליאונגען, סאַמעט ווייכע,
מיט די שיינע, שוואַרצע אויגן...
וואָס האָט דיך אַהער געצויגן?

און דו, גלאַדיאָלע פאַרביק גלאָקן,
און מיט ראָזע, רויטע לאָקן...
אַוואו האָסטו דיין פּראַכט באַקומען?
פון וועלכן אָרט דיין רייץ גענומען?

און איר, דאָליגעס, העל און רויטע,
מיט טויזנט בלעטעלעך צעשפּרייטע,
חנעוודיקע און שניי־ווייסע,
זאָגט, דערציילט מיר אייער מעשה!

# די נאַטור

די נאַטור וועקט אויף אין מיר פאַרלאַנגען,
עס בענקט דאָס האַרץ נאָך ליבע און נאָך
פרייד,
פון פייגעלעך — די מונטערע געזאַנגען,
דערציילן מיר אַזוי פיל גאָר אָן רייד.

די שטילע נאַכט, די פינקלדיקע שטערן.
ווען מיד פון טאָג די ערד זי שווייגט
פאַרטראַכט,
מיר דאַכט — די וועלדער זיי דערקלערן,
דערציילן מיר די סודות פון דער נאַכט.

נאָר מיין נשמה ווערט קיינמאָל ניט רואיק,
ווייט און הויך עס שוועבט אַרום מיין בליק;
אויך אין שלאָף, די חלומות מיינע,
דערציילן מיר פון ליבע און פון גליק...

# נאַכט

די זון איז שוין פאַרגאַנגען,
פאַרשוואונדן לעצטער שטראַל;
די פאָרהאַנג איז פאַרהאַנגען,
פינצטער איבעראַל.

די ווייטקייט ווערט פאַרשוואונדן,
די נאָענט ווערט אויך ווייט;
אַ שטערן ווייט געצונדן,
דעם טאָג אויף נאַכט פאַרבייט...

## ביים טייך

ס׳טייך איז טיף,
מיט שטיינער אָן צאָל,
ס׳וואַסער ווי זילבער,
און קלאָר ווי קריסטאָל.

לויפט זיך דאָס וואַסער
און מורמלט אין וועג;
ווער ווייס וויפיל יאָרן?
ווער ווייס וויפיל טעג?

ס׳וועלדל ביים זייט,
פאַרחלומט, פאַרטראַכט,
שפּיגלט זיך היימיש,
אין טייכלע פּראַכט.

שטיל רוישט דאָס טייכל,
מיט פריילעכן קלאַנג;
פון וועלדל עס ענטפערט,
אַ פויגל געזאַנג...

## קעמפ „ניי־וועלט“

ניי־וועלט, ניי־וועלט, פול מיט גליק,
איך קום פון שטאָט און פון פאַבריק!
ביי דיר איז שיין, ביי דיר איז פריי!
דו נעמסט מיך אויף אַזוי געטריי.

דו גיסט מיר גאָלדן זונענשיין
דיין לופט באַרוישט מיך ווי מיט וויין...
דיין פעלד פאַר מיר איז שטענדיק גרייט,
מיט בלומען און מיט גראָז געשפּרייט...

פילסט אָן מיט כח און מיט ליד
ווען איך בין שוואַך, ווען איך בין מיד;
מיין פּנים האָט די זון דערפילט
מיין בליק האָט זיך מיט שיין צעשפּילט.

איך קום נאָר אויף אַ טאָג צו דיר,
און כ׳קריג אַ ראָזעווען קאָליר,
פון זון און ווינטל וואָס מיך גלעט,
און צערטלט שטיל און מילד און רעדט...

ביינאַכט דיין שטילקייט וויגט מיך איין,
און צערטלט מיט לבנה־שיין...
און הויך די שטערן פינקלען צו...
און איך געניס אַ נאַכט פון רו...

ווען פויגל וועקט מיט מאָרגן־ליד,
דערוואַך איך פריש, ווי קיינמאָל מיד.
כ׳באַגריס מיט פרייד די מאָרגן־זון,
און כ׳וואקס מיט בוים און בלי מיט בלום..

# פון פען צום פאַרב

כ׳קען מיט ווערטער ניט אויסקריצן
אויף פּאַפּיר מיין ליב געזאַנג;
לאָז איך מיינע פאַרבן שפּריצן,
מיין קאָלירפולן געדאַנק.

מיין פרייד מיט העלע פאַרבן מאָל איך,
מיין לייד אין שאָטן איך פאַרבאָרג;
און מיט פרייד פאַר פרייד באַצאָל איך,
און פאַר לייד — מיט וויי און זאָרג...

העלע פאַרבן דאַרף איך ווייניק,
ווייל קיין פרייד זע איך ניט פיל;
מאָל איך שאָטנס, שאָטנס שטענדיק
ווייל לייד און נויט איך זע צופיל...

און פון די שאָטנס שטייגט אַ פייער
איך זע אים דייטלעך, גאָרניט ווייט...
געטריבן פון אַ קראַפט אַ נייער,
כ׳זוך נייע פאַרבן, — נייע צייט...

זי ברעכט אַדורך די שוואַרצע כמאַרעס
העלער, זוניקער די טעג,
און פון די שאָטנס — מענטשן־כוואַליעס,
מאַרשירן צו דעם פרייהייטס וועג...

די העלע פאַרבן מערער פליסן,
דער וועג ווערט דייטלעכער און ברייט...
און אין די פאַרבן זיך צעגיסן,
די רויטע פאָנען הויך צעשפּרייט...

עס פלאַטערן די פאָנען וויכטיק,
זיי באַצירן גאַס, פאַבריק;
מיינע פאַרבן ווערן ליכטיק,
אין אַ וועלט פון פרייד און גליק...

# אין פרימאָרגן

ביים נעווער סינק ריווער

דאָס טייכעלע מורמלט,
בייטאָג און ביינאַכט,
הילכיק און זאָרגלאָז,
און שטיפעריש לאַכט.

פרימאָרגן שיקט זון איר
אַ וואַרעמען קוש;
זי נעמט אים אויף גערן,
דעם פריינטלעכן גרוס.

דערציילט דעם פרימאָרגן,
די סודות פון נאַכט,
ווי אַלץ האָט געדרעמלט, —
נאָר זי האָט געוואַכט.

און שטיפעריש וועקט זי
פאַרשלאָפענעם וואַלד;
די פויגלען ערוואַכן,
און זינגען שוין באַלד.

דער נעפל צעגייט שוין
און לאָזט זיך אַוועק;
עס שפיגלט זיך הימל,
פון ברעג ביזן ברעג.

עס גיסט זיך צוזאַמען,
אַלץ אין איין קלאַנג;
דאָס רוישן פון טייכל,
מיט פויגל־געזאַנג.

די קלאַנגען זיי גרייכן
אין פענצטער אַריין,
מיט ליכט פון פרימאָרגן,
אין גאָלדענעם שיין.

כ׳דערוואַך באַלד צו הערן
דעם רוישיקן כאָר,
וואָס זינגט אַ „גוט מאָרגן״,
— גוט־מאָרגן — גוט־יאָר!

# אויף דער קאָלאָניע קלאָריאָן

מיין טייערן פריינט מ. מלמד

צוזאַמען זענען מיר געפאָרן
דורך טאָלן בערג און טייכן;
צוזאַמען זענען מיר געפאָרן,
אַ אידעאַל דערגרייכן.

צוזאַמען האָבן מיר געאַרבעט,
געאַקערט קלאַריאָנס פעלדער;
צוזאַמען האָבן מיר געשניטן,
האָלץ, אין ראָקיס וועלדער

ניט איינמאָל האָבן מיר צוזאַמען
געקוויקט זיך מיט די וואונדער;
יענע זונען־אונטערגאַנגען,
כ׳זע זיי נאָך אַצינדער.

געדעקסטו, פריינט, אָט יענע הימלען
מיט אַלערליי קאָלירן?
צוזאַמען פלעגן מיר דאָרט טרוימען,
און גליקלעך פאַנטאַזירן.

און הייזער האָבן מיר געבויט דאַן,
צו וואוינען און פאַרווײלן;
געענדיקט איינע און אַ צווייטע,
און אין איינעם איילן...

און די לידער, צי געדענקסטו,
וואָס מיר פלעגן זינגען?
און צוגעקלאַפּט אויך מיטן האַמער,
עס זאָל צום טאַקט מער קלינגען.

וואו זענען יענע שיינע טרוימען,
די הויכע אידעאַלן?
און יענע בערג און יענע הימלען,
און הויכע וואַסערפאַלן?

אָ, מיין פריינט, שוין יאָרן פילע
זינט דאַן זענען פאַרלאָפן...
אַוועק שוין יענע שיינע צייטן,
אין טרוימען און אין האָפן...

# אַוועק איז שוין דער זומער.

צו זינגען מיט דער רוסישער מעלאָדיע
טישינאַ ניעמאַיאַ פּאָלנאַיאַ לונא

זינגט דער קילער ווינטל
אין דער שטיל אַ ליד,
פאַלן שוין די בלעטער
אָפּגעוועלקט און מיד.
פאַלן שוין די בלעטער
אָפּגעוועלקט און מיד.

זאָגן אָן די פויגלען
פון דעם טיפן וואַלד.
אַוועק איז שוין דער זומער —
האַרבסט וועט קומען באַלד.
אַוועק איז שוין דער זומער
האַרבסט וועט קומען באַלד.

באַלד וועט אַלץ פאַרשווינדן —
פויגל, בלאַט און בלום.
די נאַטור וועט רוען
אין שטילן לאַנגן טרוים.
די נאַטור וועט רוען
אין שטילן לאַנגן טרוים.

קומען וועט דער ווינטער
מיט פראָסט און שניי צוגלייך.
און אין טיפן אומעט
שווייגן וועט דער טייך.
און אין טיפן אומעט
שווייגן וועט דער טייך.

דאָך אַזוי ווי זומער —
נאַטור וועט זיין באַוואַכט.
די זון בייטאָג וועט שיינען
די שטערנדלעך ביינאַכט.
די זון בייטאָג וועט שיינען
די שטערנדלעך ביינאַכט.

טרייסט זיי וועלן ברענגען —
אין דעם טיפן טרוים,
באַלד וועט ווידער קומען —
פרילינג, פויגל, בלום.
באַלד וועט ווידער קומען
פרילינג, פויגל, בלום.

## זאָל דער ווינט

זאָל די זעל פֿון בענקשאַפֿט שמאַכטן,
זאָל דאָס האַרץ ווי פֿייער גליִען,
זאָלן טרוימען שוועבן, שוועבן —
און ווי בליטן זיך צעפֿליִען...

זאָלן שמאַכטן מײַנע ליפּן
אָן קיין זאַך גאָר צו באַרירן.
וועט דער פֿייער זיך אויסלעשן,
און דאָס האַרץ וועט מיר ניט שפּירן...

זאָל דער ווינט מיך דאַן פֿאַרטראָגן
אין זײַנע פֿליגלען מיך פֿאַרכאַפּן.
און מיך ווי אַ מידן פֿויגל,
אָן אַ הויכן פֿעלז צעקלאַפּן.

פֿון דער הויך וועל איך דאַן פֿאַלן,
מיט מײַן אָטעם אײַנגעהאַלטן.
און וועל בלײַבן רויִק ליגן
צווישן פֿעלזן, שטיינער־שפּאַלטן...



נעווער סינק ריווער (אייל פּאַרב)

# בלעטער פאַלן

פאַלן בלעטער פון די בוימער,
טראָגט דאָס טייכל זיי אַוועק;
זיי באַדעקן גראָז און שטיינער,
וואַרפן אומעט אָן און שרעק;

זיפצט דער בוים אין טיפן טרויער,
ווען ריידן נאָר ער וואָלט געקענט;
שאָקלט זיך זיין קאָפּ, דער גרויער,
ציטערן די דאַרע הענט..

ס׳שטייט אַ בוים נאָך פול מיט לעבן,
זיין בלאַט געפאַרבט פון גרין אויף רויט,
ער איז גרייט זיין שיינקייט געבן,
זיין לעצטן שמייכל פאַרן טויט...

# פון וואַקאַציע

שורות — אויטאָ־קאַראַוואַנען
קוים זיי קענען זיך באַוועגן;
פון די קעצקיל בערג אַהיים־צו —
זיי פאַרפלייצן אַלע וועגן.

פעק און קאַסטנס אָנגעלאָדן
מענטשן ענג, ווי אומגעאָרעמט;
אָנגעזעטיקט, אויסגעבאָדן,
פון דער זון גוט אויסגעוואַרעמט.

אויף די „באָסעס" און מאַשינען,
מיט פרישע לופט פול אָנגענומען
זשומען „באָרדערס" ווי די בינען,
פון וואַקאַציע זיי קומען...

דאַמען פון האָטעלן רייכע,
מיט פאַרוויילונג אָנגעזאַפּטע,
הילכיק פריילעכע זיי קוועלן,
פון די „דזשעז־מוזיק" פאַרכאַפּטע.

אויך פיל פנימער פאַרזאָרגטע,
מערקט זיך אויף די קאַראַוואַנען;
מיט זעק און בעטן אָנגעפּאַקטע,
טעפלעך, שערבלעך, אַלטע קאַנען.

פאַראַנען הערצער אויך פאַרליבטע,
אויף דער קאַנטרי לאַנג געוואַרטע...
פאָרן איצט צוריק באַטריבטע,
פון חלומות אָפּגענאַרטע...

## אַ ווינטער־נאַכט

שטיל איז דער שפּאַציר־וועג —
ער ציט זיך ברייט און ווייט;
שיין און העל באַלויכטן,
ווי אין זומער־צייט.

ווען ניט ווען אַ שטימע,
פון דער ווייט זיך הערט;
דאָס רוישן פון כוואַליעס,
די שטילקייט קוים צעשטערט.

דער ים אַזוי ווי זומער
פריילעך שטיפט און לאַכט...
אין הימל פינקלען שטערן,
פון דער הויך באַוואַכט...

שנעל פאַרביי עס גייען
אַ פאַרפראָרן פּאָר;
דער פראָסט פאַרכאַפּט דעם אָטעם
און דער ווינט די האָר.

אַן איינזאַמער שפּאַצירער
עס גייט מיט שנעלע טריט;
און זינגט פאַר זיך אַ לידל,
מיט לוסטיקן געמיט...

אויף זיין פאַרפרוירן פּנים,
עס שפּיגלט זיך אַ פרייד;
ס'איז גוט אַזוי שפּאַצירן,
אַליין און שטילערהייט...

# אַ חלום פון קלאַריאָן

כ׳בין ווידער געווען דאָרט
אין טאָל, אין דעם ברייטן,
וואו איך האָב געפלאַנצט דאָרט,
פיל יונגינקע קווייטן...

און ווידער געגאַנגען
אויף וועג און אויף שטעג,
וואו איך האָב פאַרבראַכט,
פיל גליקלעכע טעג.

וואו הימל, ווי זייד,
עס הענגט דאָרט אויף בערג
און וואו — ווי אין חלום,
פאַרגייען די טעג...

וואו ס׳וואָיען פון וועלף
איז שענסטע מוזיק;
און מילדע ווינטן,
דערציילן פון גליק...

כ׳האָב דאָרטן געזען
דעם שטראָם רוישיק פליסן,
און אונדזערע גערטנער,
פלעגט ער באַגיסן.

און דאָרט אויפֿן בערגל
מיין שטיבעלע קליין,
אַרומגעפּלאַנצט איז,
מיט ביימעלעך שיין.

אַליין דאָס געבויט
פֿון שטאַנגען און ברעטער;
מיט ווייטאַק, מיט טיפֿן,
פֿאַרלאָזן עס שפּעטער...

איך האָב מיך דערמאָנט
אָן די גליקלעכע צייטן;
עס זינגט מיר דאָס ווינטל
אַ לידל פֿון ווייטן...

עס גריסן מיך פֿריינט
און גיבן מיר שלום — — — —
איך זע זיי נאָך היינט
פֿאַרבענקט נאָך דעם חלום...

## „שניי"

שניי אויף אַלע פעלדער!
אויך טאָל און באַרג באַדעקט.
די ביימער אין די וועלדער,
אין ווייסן אײַנגעדעקט.

שניי אויף אַלע וועגן!
אויך באַנען אָפּגעשטעלט.
די טייכן ביז די ברעגן
פאַרפראָרענע פון קעלט.

מיט שניי פאַרדעקט דער גאָרטן,
אַ פאַרלאָזענער איז ער.
און קיין היימלאָזער דאָרטן —
ער קומט שוין אויך ניט מער...

שניי אין אַלע גאַסן!
וואו ס'וואַרפט דאָס אויג אַ בליק,
דאָך איילן זיך די מאַסן
צו געשעפטן, און פאַבריק.

די שניי־קערער זענען גערן
צו פאַרדינען אַ פּאָר סענט.
קערן זיי און קערן,
מיט פאַרפרויר'נע הענט...



מאַרק יאָפּע, באַוואוסטער מאָלער (האָלץ שניצונג)

## מאַרק יאָפּע

דער באַרימטער מאָלער
אומעטום באַקאַנט;
געקומען זיך באַזעצן,
דאָ אין אונדזער לאַנד.

מיט זיך געבראַכט אַן אוצר
פון בילדער, אַלט און ניי;
וואָס דערציילט פון שאַפערס
קונסט און מאַלעריי.

דערציילט פון יוגנט יאָרן
פון קייזערלעכער שול:
וואו ער פאַרפלאַנצט זיין ציקונפט,
מיט רייכע פאַרבן פול.

דאָ ער מאָלט פּאַלאַצן,
דאָרט אַ מאָנומענט;
און זיין ליב קליין שטעטל
אויך פון דער ווייט דערקענט...

און דענקט ער פון זיין שטעטל
זעט ער דאָרט דעם ייד;
ביינאַכט ביי דער גמרא,
ביי טאָג אויפן יאַריד.

פסח ביי דעם סדר,
חנוכה ביי די ליכט;
ער מאָלט מיט העלע פאַרבן,
דאָס יידישע געזיכט.

דער זיידע בענטשט זיין אייניקל,
קשיות פרעגט דאָס קינד;
און דער קינסטלער רוט ניט,
טראָגט זיך ווי אַ ווינט.

און אין זיין פאַנטאַזיע
ער טראָגט אַוועק זיך ווייט;
מאָלט פאַר אונדז געשיכטע,
פון אַלט און נייער צייט.

זיין פרוי געמאָלן ביים שפיגל
יונג און שיין — אַ בלום;
שוין פערציק יאָר אַריבער,
זייט יענעם שיינעם טרום.

דאָך נאָך פול מיט יוגנט
זענען אירע רייד;
ווען זי רעדט פון קינסטלער,
ווערט זי פול מיט פרייד.

אירע אויגן שיינען
איינדרוקספול און מילד;
מיט ליבע און מיט צאַרטקייט,
זי רעדט פון יעדן בילד.

ניט מיד איז נאָך דער קינסטלער
די פאַרבן פריש און רייך;
זיין בליק איז קלאָר, דורכדרינגנד,
זיין האַנט איז פלינק און גלייך.

זיין שאַפונגס־קוואַל עס שלאָגט נאָך
ווי פון דער טיף פון ערד;
אָ, גרויסער קינסטלער, יאָפע,
כ׳שעץ אָפּ דעם שאַפונגס־ווערט.

פאַרלאָזט האָב איך אייער סטודיאָ
פול מיט געניוס און טרוים;
געטראָגן פון פאַנטאַזיעס,
אין קינסטלערישן רוים...

# מיין פריינט

דער פּאָעטעסע ק. י.

ווערסט מיך דורך מיין ליד ניט דערקענען —
טרויעריק קלינגט מיין געזאַנג;
די ווערטער ווי שפּיזן זיי ברענען,
און דאָס איז דאָך ניט דיין פאַרלאַנג

איך וויל דיר דיין יוגנט ניט שטערן
ביסט צאַרט דאָך ווי דורכזיכטיק זייד;
מיין אומעט דו דאַרפסט דאָך ניט הערן,
ווען אין טרוימען דו שוועבסט אַזוי ווייט...

נו, טראָג זיך, דו יונגע, דו פרייע,
און זינג פון דער קומענדער צייט;
פון אַ וועלט אַ באַפרייטע, אַ נייע,
וואָס איז אויפן וועג שוין ניט ווייט.

דיינע לידער מיט פרייד זאָלן טרילן
דערפרייען ווי געשמאַקער וויין;
אין דיין זינגען זיי זאָלן ניט פילן,
דעם צער פון פאַרגאַנגענעם פּיין.

אונדזער צייט וועט דאָך ווערן פאַרגעסן,
און בלויז דורך געשיכטע באַקאַנט;
מיט גליק דיר, דו יונגע פּאָעטין,
צום שיינעם, צום וואונדערלעך לאַנד.

# די פּאַטעסע אין פּאָטערס טאָג

כ׳קאָן אַ יונגע פּאַטעסע,
פון אַלץ זי ליבט צו מאַכן שפּאַס;
פון טעאַטער, פון דער פּרעסע,
און פון וואָס זי זעט אין גאַס.

אַליין איז זי אַזוי באַשיידן,
אַמאָל אויך ערנסט און פאַרטראַכט;
זי לאַכט ווי ס׳טוט די פרוי זיך קליידן,
און אַלע מאָדעס זי פאַראַכט...

זי זעט קיין שיינקייט ניט ווען מיידלעך
די ליפּן רויט זיך אָפּגעפאַרבט;
אין קורצע דורכזיכטיקע קליידלעך,
און וואָס דעם מענער בליק פאַרנאַרט.

ווען „פּאָטער טאָג" איז אָנגעקומען,
האָט איר אין צווייפלעריי געבראַכט;
זי האָט געוואָלט אים קויפן בלומען,
זי האָט פון דעם שוין לאַנג געטראַכט.

זי האָט געוואָלט נאָך מערער וואַגן
פאַרן ליבן טאַטן, דעם אַרטיסט;
אַ הוט, אַ שניפּס, אַ הויכן קראַגן,
אַ ראָק פון טייערן באַטיסט.

זי לאָזט אירע פאַנטאַזיעס לויפן,
וואָס טראָגן זי אַוועק גאָר ווייט...
נאָר קאָן פאַר זיי קיין זאַך ניט קויפן,
ווייל אַרבעטסלאָז איז זי אַ צייט...

ווײַל זי שרײַבן און צופּאַסן
אים אַ באַגריסונג אין הומאָר;
דאָך ווי אַזוי וועט איר דאָס פּאַסן
אין פּאַטער־טאָג צו שפּאַסן גאָר?...

האָט איר אַן ערנסט אומגענומען,
און אין אַ שײַנער פּערל־שפּראַך,
מיט ווערטער דופּטנדיק ווי בלומען,
זײַ אויסגעקליבן פון אַ סך...

און זײַ אין שורות קלײנע, גלײַכן
אויף שײן פּאַפּיר זײַ אײַנגעפלאַנצט;
ס׳איז אַ מתנה ניט קײן רײַכע, —
דאָך יעדע שורה האָט געטאַנצט...

ס׳האָט דער קינסטלער בײַ זײַן אַרבעט,
דאַן ניט דערוואַרטעט גאָר קײן זאַך:
ער מישט די פאַרבן אויף זײַן פּאַליט,
און פּינזלס אין דער האַנט א סך.

זײַן טאָכטער איז אַרײַנגעקומען,
אים ניט צו שטערן, אַן געררויש,
דערלאַנגט די פערזן, אַנשטאָט בלומען,
און האָט באַקומען צוריק אַ קוש...

עס האָט מיט פרײד איר ליבער טאַטע,
עמפּפאַנגען איר ליד־געשאַנק,
און ס׳האָט אין זײַנע אויגן צאַרטע,
געגלאַנצט דורך זון אַ טרערן־דאַנק...

## זאָל איך מער ניט

אַלס ענטפער צום דיכטער מ. ל.

זאָל איך אָנהויבן שוין קלערן
שרייבן לידער אויפצוהערן?
ווען ס׳קלאַפּט נאָך שטאַרק דאָס האַרץ,
ס׳פּילט נאָך פרייד, און ס׳פּילט נאָך שמאַרץ...

ס׳ברויזט דאָס לעבן מיט פאַרלאַנג,
און די נשמה מיט געזאַנג...
כאָטש מיין קאָפּ איז זילבער גראָ,
האָט נאָך ניט געקלאַפּט מיין שעה.

און די האַנט באַוועגט זיך פריי,
שאַפן קען זי נאָך פאַר דריי...
מיינע פּענזלס, מיינע פאַרבן,
ווען מיך ניט לאָזן שטאַרבן...

ניט צו שניצן די שטאַמעזן
וואָס וואָלטן זיי אָן מיר געוועזן?
בלויז אַ שטיקל שאַרפער שטאָל...
שניץ איך און איך קלעפּ און מאָל...

און איך ווער קיינמאָל ניט מיד...
זאָל איך אויפגעבן מיין ליד?
כ׳שטעל צונויף אַ נייעם כאָר,
שטימען צוגעפּאַסט צום פּאָר...

צוויי צו מישן דעם קאָליר,
צוויי צו מאָלן אויף פּאַפּיר,
נאָך אַ פּאָר צו שניצן האָלץ,
בין איך מיט מיין כאָר גאַנץ שטאָלץ...

צום קנעטן ליים נאָך אַ פּאָר הענט,
און איך בין זייער דיריגענט...
און מיט די פּאָר וואָס וועלן בלייבן,
וועל איך מיט זיי לידער שרייבן...

# אַ טענה צו גאָט

ווען גאָט וואָלט געוואָלט מיך
דערהויבן און בענטשן,
וואָלט ער מיך באַשאַפן,
ווי אַלע אַנדערע מענטשן.

האָט ער מיך באַשאָנקען
מיט אַזוי פיל ברכות,
און האָט מיר געגעבן,
צו פיל מלאכות.

פון זיי איך וואָלט וועלן
כאָטש איינע אַ רעכטע,
ניט אַזאַ גוטע,
און ניט אַזאַ שלעכטע...

אָ, גאָט דאָרט, אין הימל,
מיט דונערן, בליצן,
דו זיצט דאָרטן אויבן,
און שאַפסט פון מיר וויצן...

און אויב געוואָלט האָסטו,
איך זאָל זיין אַ סטאָליער!
צו וואָס מיך נאָך מאַכן,
אַ סקולפּטאָר, אַ מאָלער?

און בין איך אַ סקולפּטאָר,
אַ קינסטלער, אַ קענער,
צו וואָס־זשע בין איך נאָך,
אַן אָרעמער קרעמער?

בין איך שוין אַ קרעמער,
דאַרף אויסשטיין פון ווייבער;
מאַכסטו, אַז איך זאָל נאָך
דערצו זיין אַ שרייבער...

ווי קאָן דאָס מיין שוואַכער
געזונט, גאָר אויסהאַלטן,
צו טאָן אַלץ צוזאַמען,
אַ קראָם נאָך פאַרוואַלטן?

און הויבט זיך דער טאָג אָן,
ווערט אָפן די טיר,
נאָך עצות, מיט קלאַגן,
מען קומט אַלץ צו מיר.

ביי דעם פעלט אַ שרייפל
און דער דאַרף אַ שלאָס,
און יענער אַ רייפל,
און דער דאַרף אַ מאָס.

אַ שלאָסער, עלעקטריקער,
אַ שערל אויסשלייפער;
עס קומען אַגענטן,
פאַרקויפער און קויפער.

טאָ ווען בלייבט מיר צייט דען
פאַר אַנדערע זאַכן,
ווי שרייבן און מאָלן,
סקולפּטורן צו מאַכן ?

האָב איך אײַנגעטײלט
די צײַט אין סעזאָנען,
די גרעסטע טײל —
„צו מאַכן מיליאָנען"...

אין האַרבסט הױב איך אָן
לידער צו שרײַבן...
און װינטער איך שניץ,
דעם אומעט צו טרײַבן...

אין פרילינג איך װאַנדער
אויף בערג און אויף טאָלן;
און זומער, דאָס חיות,
גײט אויס מיר, צו מאָלן...

איך פאָר אויף װאַקאַציע,
און טרעף זיך מיט דאַמען,
דערװעקט אַ פאַרלאַנג זיך,
צו פירן ראָמאַנען...

און װער איך ראָמאַנטיש,
מיט יוגנט באַנײַט...
אָ, גאָט, אַװאו נעמט מען,
אַ ביסל מער צײַט?...

# אַ מאַהאַגענער פערדל

(אַ מתנה דער פּאָעטעסע ק. י.)

איך בין אַ קליין פערדעלע,
איך קום פון זייער ווייט,
ווען איך וועל אייך געפעלן,
דאַן נעמט אויף מיר אַ רייט,

מיין נאָמען איז מאַהאַגעני,
אַ קליין שטיקעלע האָלץ,
דאָך איז מיין מייסטער,
מיט מיר זייער שטאָלץ.

ער זאָגט אַז נאָר פּאָעטן,
שאַצן אָפּ מיין ווערט.
מיט מיר וועט איר זיין זיכערער,
ווי מיט אַן אַנדער פערד.

איר דאַרפט צו מיר קיין זאָטל,
און קיין שפּאָרן, ביין,
איר דאַרפט מיך ניט טרייבן,
אום מאַכן מיך צו גיין.

בלויז אַ ווינקעלע,
גיט מיר וואו אַ שטילן,
וועט איר מיד זיין פון דער אַרבעט,
דאַן קומט מיט מיר זיך שפּילן...

# לעבן און קונסט

## אין סקולפּטור־קלאַס

זי איז ווי אַ סטאַטוע געשטאַנען,
פאַרלייגט אויפן קאָפּ אירע הענט;
איר אויפגאַבע האָט זי פאַרשטאַנען,
מיט נאַקעטקייט זיך ניט געשעמט.

איר קערפּער, אַ יונגער, אַ פרישער,
ווי צייטיקע פרוכט אירע בריסט;
איר פּנים, אַ ליבלעכער, זיסער,
וואָס שמייכלט און יעדן באַגריסט.

עס שטייען אַרום איר סטודענטן
און יעדער פון ליים עפּעס מאַכט;
איילנדיק מישן זיי, קלעפּן,
און יעדער פון ווייט זי באַטראַכט.

ביי יעדן וואַקסט אויס אַ סטאַטוע
ענלעך צו יענער? אָ, ניין!
ווייל די זענען ליימיקע, גראָע,
און זי, די נאַטור אַליין...

עס שטייען די קינסטלער און בויען
עס וואַקסט אויס אַ פוס און אַ האַנט;
אָט זעצט די מאָדעל זיך צו רוען,
איר קאָפּ אָנגעשפּאַרט אויף דער האַנט.

די אַרבעט ווערט איבערגעריסן
די קינסטלער אויך אָטעמען פריי;
כאַפּט איינער אַ שמייכל אַ זיסן,
פון איינער וואָס אַרבעט דערביי

דער לערער, אַ יונגער, אַ שיינער,
מיט שוואַרצע צעשויבערטע האָר;
גייט צו דאָ צו דעם, דאָ צו יענער,
ווייזט אָן אויף חסרונות אַ פּאָר...

אַ שיינע, אַ יונגינקע מיידל,
דעם לערער פאַרשעמט עטוואָס פרעגט:
געדאַרפט די מאָדעל מיט אַ קליידל,
זיין כאָטש אַ ביסל פאַרדעקט...

ער האָט צו פאַרשטיין איר געגעבן,
זי שאָקלט שטיל צו מיטן קאָפּ;
„מיר קלעפּן פון ליים אויס דאָס לעבן,
עס שפּיגלט נאַטור זיך דאָ אָפּ...

די מאָדעל נעמט ווידער איר פּאָזע,
די בליקן צו איר ווערט געווענדט;
עס שאַפט זיך פּאָעזיע און פּראָזע,
פון ליים און פון מענטשלעכע הענט.

ביי יעדן וואַקסט אויס אַ סטאַטוע,
ענלעך צו יענער? אָ, ניין!
ווייל די זענען ליימיקע גראָע,
און דאָרט, די נאַטור איז אַליין...



מײַן קראָם (געצייכנט פֿון ל. ברעסלאָוו)

# אַ קרעמער אַ פּאָעט

„פּאַרקויפט״ בין איך אין קרעמעלע,
פון פרי ביז שפּעט ביינאַכט,
און ווען קיין קונים קומען ניט,
דאַן טראַכט איך נאָר און טראַכט...

דאַן טראַכט איך אויס אַ לידעלע,
און אין דער הויך איך זינג;
און פריילעך ווערט אין קרעמעלע
עס זינגט און טאַנצט אַלצדינג;

דער בעזים שפּרינגט פון שמחה אום
און לויפט אין אַ גאַלאָפּ!
די באַרשט טאַנצט אויף די פּאָליצעס,
און ווישט דעם שטויב אַראָפּ...

די פלעשעלעך און גלעזעלעך,
זיי דרייען זיך אין ראָד;
די לעפעלעך, די פענדעלעך,
זיי טאַנצן קאַרעהאָד...

דער טשייניק הויבט אָן קאָכן שטאַרק,
און וויל גאָר שטיל ניט שטיין;
עס צינדן זיך די לאָמפּן אָן,
און ליכטיק ווערט און שיין.

ס׳צעקלינגען זיך די גלעקעלעך
גאָר הילכיק מיט אַ טריל;
עס קלאַפּט דער האַמער טשוועקעלעך,
וויפיל אַליין ער וויל...

די זעג אַליין צעלאַכט זיך הויך
און שטעקט אַרויס די ציין;
ביז וואַן עס קומט אַריין אַ קונד, —
איך אײַל זיך אויפצושטיין.

איך גיב אַ וואונק צום אײַזנוואַרג,
זיי ווערן אַלע שטיל;
איך זאָג זיי, מיין קאַפּעליע, אָן:
אַז ס׳איז שוין נאָך דער שפּיל...

## אין שטייג

פאַרוואָס האָסטו מיך, טרויעריק לעבן,
אין אַ שטייג פאַרשפאַרט?
כ׳האָב געדולדעט אַלע יאָרן,
און אַלץ געוואַרט, געוואַרט,

אַז ס׳וועט נאָך עמעצער ווען קומען,
און אויפמאַכן די טיר...
און ס׳וועט די זון, אַ ליכטיק, העלע,
אַ שטראַל שיקן אויך מיר.

עס וועט פון ערגעץ וואו אַ פויגל
נאָך קומען מיט געזאַנג;
און וועט מיין אָרעם האַרץ דערפרייען,
און וועקן מיין געדאַנק.

כ׳האָב אין דער שטיל אַלץ דורכגעטראָגן
און כ׳האָב זיך ניט געוועָרט...
דאָך ווי לאַנג איז מיר צו שמאַכטן,
נאָך אַלץ אַזוי באַשערט?

עס איז שוין גרוי מיין קאָפּ געוואָרן
עס טונקלט שוין מיין בליק...
עס גייט מיין אָרעם איינזאַם לעבן,
אַוועק אָן פרייד און גליק...

איך שמאַכט דאָ אָפּ אַזוי מיין לעבן,
מיט אַלע נעכט און טעג;
איך בייס מיט מיינע ציין די גראַטעס,
און זוך אַ פרייען וועג...

# ביי מיין שכן אין קרעטשמע

שטייען מענטשן אויסגעשטעלט
אין קרעטשמע, ביי דער „באַר״,
איינער הויך און איינער פעט
און איינער קליין און דאַר...

איינער האָט אַ רויטע נאָז
פון טרינקען צופיל ביר;
ביים צווייטן אַ געשוואָלן באַק,
פון רויט און בלאָ קאָליר...

איינער זינגט פאַרשיכורט, הויך,
אַ ביסל שוין „פאַרקנאַקט״..
דער צווייטער טאָפּעט מיטן פוס,
צו האַלטן אים אין טאַקט...

אַן אויג ביי איינעם גוט צעקלאַפּט
ס׳פעלט אים אַ פּאָר ציין;
דער צווייטער רעדט שוין ווי פון שלאָף,
ער רעדט צו זיך אַליין...

איינער שאָקלט זיך שוין שטאַרק
און זוכט שוין וואו אַ שטול;
דער צווייטער האַלט זיך אָן זיין פריינט,
אין קאָפּ איז אים שוין פול...

עס פילן זיך די גלעזלעך אָן,
אוןליידיקן זיך אויס;
און ווען אין קעשענע ווערט פוסט, —
וואַרפט מען זיי אַרויס...

# מאַי

מײַנע פיס ווי שווערע קייטן,
האַלטן מיך צום פּלאַץ געשמידט;
שאָטנס אַרום מיר זיך שפּרייטן,
פאַלן אויף מײַן שווער געמיט...

און גאָר ניט ווײַט, ווי שײַן און העל,
ס׳וואַרפט די זון איר גאָלד אַראָפּ,
און ווי אין הערבסט די בלעטער געל,
וועלקט מײַן לעבן טיפער אָפּ...

און דאָ ניט ווײַט — איך הער געזאַנג
באַגלייט פון שטיפערישער פרייד;
זיך אויסמישן אין שטראָם געדראַנג,
וואָלט איך איצט געווען אויף גרייט...

איך וואָלט אַרומנעמען די וועלט
און קושן יעדן גראָז און בלום,
און צערטלען די נאַטור וואָס קוועלט,
צו שוועבן אין איר ווײַטן רום...

אַך, די נאַטור איז צאַרט, און שײַן,
די זון זי שײַנט פאַר יעדן גלײַך;
דער פרילינג רופט מיט פּראַכט און חן,
עס רופט דאָס פעלד, עס רופט דער טײַך...

און איך — ווי אין קייטן שטיי געשמידט,
אָ, ווי קאָן איך ווערן פרײַ?
עס ציט מײַן האַרץ אין פרײַ און ציט,
צו פרײַער וועלט, צום שיינעם מאַי...



מיין פרוי (פלאַסטער)

# מיין סטודיאָ אין קראָם

איך האָב אין קראָם אַ הינטער־צימער,
איז דאָרטן ענג און פינצטער אימער,
כאָטש דאָרטן זענען פענצטער צוויי,
נאָר ווער קען צוקומען צו זיי?...

זיי קוקן מיט פאַרהאַקטע לאָדן,
מיט דראָט און גראַטעס אָנגעלאָדן...
עס ברענט אַ לעמפּל אָדער צוויי,
דאָך ניט פיל באַלייכטן זיי...

לאָמפּן האָב איך גרויסע פּיל,
נאָר ווער קאָן צאָלן זייער „ביל״?
אויסגעשטאַטעט אַלץ מאָדערנע,
און עס פּילט זיך אַטמאָספערנע...

פון אַלעם בעסטן איז פאַראַנען:
קעראָסין און אויל אין קאַנען,
געזאָלין און טאַרפּעטין,
קאַנען גרויסע מיט בענזין...

מען דאַרף עס האַלטן זייער טייער,
עס זאָל ניט אויסברעכן אַ פייער...
היינט די שטעקנס און די שטאַנגען,
סטעליע און די ווענט פאַרהאַנגען,

פול מיט לייטערס און מיט דראָטן,
גרויסע טעפּ, אויף קאָכן, בראָטן,
וואַנעס, בעזימער, און מאָפּן, —
נאָר קיין ביסל לופט צו כאַפּן...

אַחוץ דעם איז אויך פאַראַנען,
גרויסע און אויך קליינע קאַנען,
פאַר מילך און פאַר ביר,
און פאַר צעריסענעם פּאַפּיר...

און צווישן אַט די זאַכן,
האַלט זיך איין, איך זאָלט ניט לאַכן!
שטייט אַ טישעלע אַ קליינער,
ניט אַפילו אַזאַ שיינער...

דערפאַר אויף אים איז אָנגעשטעלט,
פון אַלע מינים אויף דער וועלט:
אַ ראַדיאָ און אַ טעלעפאָן,
פאַר דער שטים אַ קאַמערטאָן,

און „סטרומענטן" אַלערליי,
וואָס מען פרעגט זיך נאָך אויף זיי...
אַמאָל פון ליים עס ווילט זיך קלעפן,
אַמאָל צו שניצן טוט גאָר שלעפן;

אַמאָל אַ ליד גאָר אָנצושרייבן,
אַמאָל, — אַ קונה צו פאַרטרייבן...
אַלע מיטלען צוגעגרייט,
צו אַרבעט בין איך שטענדיק גרייט...

אויפן טיש מיין ליים כ'מוז האַלטן...
ווער רעדט נאָך אין טאָג אַ קאַלטן,
פאַרמאַכן קען איך ניט די טירן,
מוז איך ציטערן און פרירן...

מיין פרוי, איז אויך מיין מאָדעל,
זיצט זי רואיק אין פאָטעל...
און מיטאַמאָל, זי אַיילט, זי לויפט,
אַ קונה האָט זי וואָס פאַרקויפט,

און זיצט באַלד ווידער און פאָזירט...
כ׳האָב זיך ערשט די הענט צעפירט..
לויפט זי ווידער שוין אַוועק,
איך נאָך איר, איך לויף מיט שרעק!

ס׳האָט די טיר זיך צוגעקלאַפט,
אַ לויפער האָט וואָס צוגעכאַפט...
וואָס־זשע קען מען צו דעם טאָן?
ביי דיר זאָגט זי איז אַלעס „פאָן"

זי גייט אַ מידע שוין אַהיים
און איך בלייב אין קראָם אַליין,

און פאַרפראָרן שיר איך ווער,
גיי איך אום אַהין און הער...
פון אומשפּאַצירן ווער איך מיד,
זינג איך אין דער הויך אַ ליד:

## דער קרעמער זינגער

ווען ענגער ווערט מיין קרעמעלע —
גרעסער ווערט מיין זאָרג;
מער סחורה אויף די פּאָליצעס,
גענומענע אויף באָרג.

באַלד דער ערשטער קומען וועט
און חובות יעדן טאָג;
רעכן איך אין ביכעלע
וויפיל איך פאַרמאָג.

מיין רעכענונג ווייזט זייער קלאָר:
ס׳פעלט אַ סך מיר אויס;
דירה־געלט שוין פאַר דער קראָם
און דירה־געלט אין הויז.

מען מאָנט שוין אויך פאַר עלעקטרי,
און אויך פאַר טעלעפאָן?
און צאָלן מוז מען באַלד פאַר דעם,
וואָס קען מען אַנדערש טאָן?

עס קומען אויך אָן שטייערן,
פון שטאַט און פעדעראַלע, —
כ׳ווער פאַרציטערט ווען איך טראַכט,
פון די צאָלונגען אַלע...

עס העלפן קיין תירוצים ניט
עס העלפט זיך ניט קיין דינגען, —
כ'הייס די זאָרגן שווייגן שטיל,
און הויב אָן הויך צו זינגען.

קומען וועט דער לענדלאָרד באַלד,
און די קרעדיטאָרן;
וועל איך זינגען... זינגען.. זינגען...
צו אַלדע גוטע יאָרן...

## דעם קרעמערס חלום...

עס איז שוין שפּעט שבת נאַכט,
דער קרעמער איז אַהיים געקומען,
זיצט ער אין אַ שטול פאַרטראַכט,
און אפשר שוועבט ער שוין אין טרוימען.

מאָרגן איז זיין פרייער טאָג!
ער קען מיט זיך אַליין פאַרבלייבן.
ניט קלערנדיק פון מאָס און וואָג,
ניט איילן זיך, ניט יאָגן, טרייבן.

מיט זיך אַליין, מיט פרוי און קינד,
ביי איין טיש אַ מאָלצייט עסן,
איז דען אַזאַ גרויסע זינד?
דעם טומל פון דער וואָך פאַרגעסן?

אזוי פון פרייען טאָג ער טראַכט,
און איז אַ מידער איינגעשלאָפן.
עס האָט זיין קראָם פאַר אים ערוואַכט,
די קונדן אים דעם וועג פאַרלאָפן.

אָט וואַרט אויף אים שוין זיין קאָפּעליע,
גרייט מיט אַלע אינסטרומענטן.
פּעק און קאַסטנס ביז דער סטעליע,
וואַרטן קונדן און אַגענטן.

וואַרט אַ איירישמאַן אַ לענדלאָר,
און אַ ווייבל אומגעדולדיק.
און אַ שוואַרצער סופּרינטענדער,
וואָס אַ ביסל געלט איז שולדיק.

וואַרט אַ סטאָליער, טשוועקעס קויפן,
וואַרט אַ פאַרבער אויף אַן עמער.
איינער וויל שוין באַלד אַנטלויפן,
באַרואיקט אים דער אָר׳מער קרעמער.

איינער מאַכן וויל אַ שליסל,
אַ צווייטער וויל אַן עצה פרעגן.
קומט אַ ווייבל נאָך אַ שיסל
לויפט דער קרעמער איר אַנטקעגן.

און דער טעלעפאָן קלינגט אומשולדיק —
כאַפּט דער קרעמער אָן דאָס טרייבל.
ווערן אַלע אומגעדולדיק —
איי מיסטער, שנעלער, שרייט די ווייבל.

דער קרעמער איז אַ פלינקער יידל,
ער אַרבעט שנעל, און זייער גערן.
זינגט ער צו דערביי אַ לידל,
זאָל אַ ביסל פרייליכער ווערן.

שטעלט ער שנעל אַ כאָר צוזאַמען,
הויבן אַלע אָן צו זינגען.
סטאָליער פאַרבער און די דאַמען,
הערן אויף זיך שוין צו דינגען.

ברענט דעם איירישמאַן אַ פייער,
הויבט דער שוואַרצער אָן צו דזשיגן.
קומט אַ קונה אָן אַ נייער,
ווערט אַלץ פרייליכער דער ניגון.

און דער קרעמער פון אויפרעגן,
פּאַכט די הענט אין אַלע זייטן.
לויפט די סחורה אים אַנטקעגן,
קוועלט דער „רעדזשיסטער״ פון ווייטן.

און ווען דער רעדזשיסטער ווערט פריילעך,
הויבט די זילבער אָן צו קלינגען.
פליען דאָלערנע פּאַפּירלעך,
ווערט אַלץ פריילעכער דער זינגען.

די מאַשינען זיך דערפרייען,
עס איז אַ שמחה דאָ אַ ביסל!
הויבן רעדער אָן צו דרייען,
טאַנצט אַ קליאַמקע מיט אַ שליסל.

שלייפט זיך שערל, פונקען שפּריצן,
טאַנצן שטריק צונויפגעבונדן.
זעג און האַמער זאָגן וויצן,
לאַכן לאָמפּן אָנגעצונדן.

און אין מיטן פון געטומל,
איז זיין פרוי אַריינגעלאָפן.
האָסט געכאַפּט אַ גוטן דרימל?
איצט מיין טייערער קום שלאָפן.

זיצט ער אַלץ אין שטול אַ מידער,
רעדט עפּעס פון רו און שלום —
און זיין פרוי זי וועקט אים ווידער,
און צעשטערט זיין שיינעם חלום...




האָלץ שניצונג

# די מוזע

גוט מאָרגן הער דיכטער!
איך קום פון די שטערן,
וואָס חנוודיק פינקלען פון ווייט...
ניט שרעק זיך, חלילה,
איך וועל דיר ניט שטערן,
נאָר שענק מיר אַ ביסעלע צייט.

איך בין דאָך די מוזע,
וואָס מאַכט דיך צו שאַפן,
ווען דו ווערסט אַ ווײַלע נאָר פרײַ!
כ׳באַוועג דיך צום זינגען,
פאַרגעסן דאָס שלאָפן,
דו זאָלסט מיר נאָר בלייבן געטרײַ!

מיינע הענט זענען מיד
פון דער האַרפע צו האַלטן,
איצט נעם זי צו דיר אין די הענט!
איך וועל זיך דאָ וואו,
אין אַ ווינקל באַהאַלטן,
פון קיינעם ניט ווערן דערקענט.

און ווען איבערדריסיק
דיר ווערט פון געשעפטן,
ס׳ווילט זיך דיר זינגען אַמאָל, —
נו, בין איך געקומען,
מיט דיר זיך באַהעפטן,
און פערזן געבראַכט אָן אַ צאָל.

## פאַרביי מיינע פענצטער

פון צווישן הויכע ווענט,
האָט די זון זיך מילד צעשפּילט;
אין דער הויך — עס קלאַפּט די באַן,
אויף דער גאַס — אַ רוישן ווילד.

ס׳הענגט די הויכע אייזן־בריק,
און פאַרשטעלט די זון און שטראַלן,
דאָס גערויש פון די מאַשינען,
דורך טיר און פענצטער פאַלן.

אָנגעפּאַקטע פולע באַנען
מענטשן לויפן, מענטשן יאָגן.
אויטאָמאָבילן אויף דער גאַס,
ווי די בייזע רוחות טראָגן.

שטראָמען מאַסן אָן אַן אויפהער,
יעדער ווינקל דורכגעדרונגען;
און ווי לויפנדיקע שטראָמען,
ווערן פונם ים פאַרשלונגען.

און ס׳פּילן אָן די שטראָמען
די געביידעס, העכסטע שטאָקן.
זאַמען זיך דאָרט לאַנגע שטונדן,
פון דעם לעבן אָנגעשראָקן.

און זיי גיסן זיך צוזאַמען
מיט די אייל‏נדע מאַשינען;
יאָגן זיך מיט זיי אינאיינעם —
אַלע — אימיצן צו דינען...

הענט און רעדער אוצרות שאַפן,
איינגעשפאַנט איז מאַרך און וויסן...
דאָך פאַרשטעלט זענען די וועגן,
פונם לעבן צו געניסן.

רוישן, פליסן, גרויסע שטראָמען,
מיט אַ ווילדן, שטאַרקן יאָגן. —
אַזאַ שיינע וועלט געשאַפן,
און ס׳גליק ווערט מיטן שטראָם פאַרטראָגן...

# מיין ליבער וועכטערין

ריבקען (געווידמעט)

שטענדיק באַזאָרגט
זי היט מיך און וואַכט.
דאָס עסן אין צייט,
גאַנץ פרי און ביינאַכט.

דערפיל איך די שעה,
ווען זי קומט אין קראָם.
ווער איך באַשעפטיקט,
איך פוץ און איך ראַם.

און וועגן געשעפט,
איך ווער דאַן באַזאָרגט.
איך דערצייל ווער געצאָלט,
און ווער האָט געבאָרגט.

איך ווער זייער ערנסט,
איך האָב דאָך קיין ברירה.
איך עפן די פעק,
און נעם צו די סחורה.

גוט וואָס זי קומט,
דערביי איך זיך קלער;
וואָס וואָלט פון מיר ווערן,
ווען זי קומט ניט אַהער.

פון שפּילן מיט קונסט,
קומט גאָר ניט אַרויס.
ניט לערנען די קינדער,
ניט האַלטן אַ הויז.

דאָך שטעלט ניט צופרידן,
דער געשעפטלעכער לעבן;
עס ציט און עס רופט
און געדאַנקען וואו שוועבן.

דערפאַר ווען די וועכטערין,
גייט שוין אַוועק;
דערפיל איך זיך פריי,
אָן זאָרג און אָן שרעק.

זינג איך מיר צו
אַ ליד נאָך אַ ליד.
און אַרבעט ביז שפּעט!
ניט פילנדיק מיד.

עס טאַנצן שטאַמעזן
אין פלינקע הענט,
דאָס ליים אין די פורעמס,
עס קאָכט און עס ברענט.

דאָס פּעדער טאַנצט
אויף ווייסן פּאַפּיר,
וואו קרעמער! ווען קרעמער!
טראַכט איך זיך מיר.

די מוזע, די מוזע,
פון וועג פירט אַראָפּ!
וואָס האָט זי צו מיר,
וואָס דולד זי אַ קאָפּ.

שטענדיק זי האַלט מיך,
אַזוי ווי געשפּאַנט,
איז צו ליבן די מוזע,
טאַקע אַ שאַנד?

ווען קען זי דען קומען?
אַז איך בין קיינמאָל פריי.
ניין, ניין! איך בין גליקלעך,
זי איז מיר געטריי.

אָבער גוט וואָס די וועכטערין,
קומט אָפּט צוגיין.
איך טאָר מיט דער מוזע,
ניט בלייבן אַליין...



געצייכנט פון ל. ברעסלאַוו

# דער מיסט-קלייבער

אין אונדזער רייכער, פרייער לאַנד,
וואו גאָלד געפלאַנצט איז יעדער טראָט, —
מיט פרוכט און תבואה אומעטום,
מיט אוצרות פיל אין יעדער שטאָט —

גייט אַ מענטש שטיל אום אין גאַס,
און טראָגט אויף זיך אַ שווערן פּאַק;
פון יעדער מיסקאַסטן ער קלייבט,
און וואַרפט אַריין צו זיך אין זאַק.

די קליידער זיינע אַלט, צעפליקט,
אַ מידער טרויער אין זיין בליק;
אין דער גרויסער שטאָט ניו יאָרק,
ער גייט אַרום און זוכט זיין גליק.

## ערשטע מאַי דעמאָנסטראַציע 1939

מאסן מענטשן, מאַסן פאַנען,
שפּאַנען טראָט אין טראָט, מיליאָנען !
שפּאַנען, שפּאַנען, פעסטן גאַנג,
נאָך דעם קלאַפּ פון פויקן־קלאַנג.
טראַ טאַ טאַ ! טראַ טאַ טאַ !

מיט פלאַקאַטן אין די הענט,
אין איין פלאַם די וועלט סע ברענט !
טראָט נאָך טראָט, שטאָט נאָך שטאָט,
מענער, פרויען יונג און אַלט,
זאָגן אָן, עס קומט שוין באַלד,
אַ נייע וועלט !

אַ נייע וועלט, אָן רויב אָן מאָרד,
וואו זאָרג און מורא, איז פאַרשפּאַרט,
אָן גאַזן גיפט, אָן שיסעריי !
טראַ טאַ טאַ ! טראַ טאַ טאַ !
איינס צוויי דריי !

דער האַמער, סערפּ, און קאָסע קלאַנג !
שפּאַנט פאָראויס, און מיט געזאַנג,
טראַ טאַ טאַ ! טראַ טאַ טאַ !
שפּאַנט פאָראויס, קיין טראָט צוריק !
שפּאַנט צום טאַקט, פון דער מוזיק,
אַהער ! אַהער ! צו יוניאָן־סקווער,
שפּאַנט דער יונגער פיאָנער,
שטראָמט ווי אַ לויפנדיקער טייך,
שטראָמט אין גאַס, מיט קאָליר רייך.

שפּאַנען, שפּאַנען אָן אַ צאָל,
שפּאַנט דער יונגער קאָמסאָמאָל,
טראָט נאָך טראָט, גייט און גייט,
גייט דער לינקאָלן בריגייד,
פעלט ביי וועמען פיס, און הענט,
פאַרלאָרן ביי מאַדרידער ווענט.

טראַ טאַ טאַ! טראַ טאַ טאַ!
שטייען שטיל היינט ראָד און פאַס
אַלע אַרבעטער אין גאַס,
שפּאַנען, שפּאַנען ריי, נאָך ריי,
די וועלט צו מאַכן, שיין און פריי!

# דער סטרייק איז געסעטלט

ווען דער זיך־סטרייק ווערט געסעטלט,
און די יוניאָן אָנערקענט —
ווערט אויך פריילעך די מיליציע
און זיי דריקן סטרייקערס הענט.

מאָרגן ווידער אין פאַבריקן,
פריי וועט אָפן זיין די טיר,
ביי וואַרשטאַטן און מאַשינעס
ווידער שאַפן — וועלן מיר.

הילכיק וועלן האַמערס קלינגען —
ווייט צו אָנזאָגן דאָס גליק,
אַז עס שטייען אַלע קעמפער
ביי דער שווערער מי שוין צוריק...




נאָך דעם ערשטן זיץ־סטרייק אין פלינט, מיש.

אַרויסגענומען פון פרייהייט און פאַרגרעסערט אין אייל פאַרב

# צום אַרבעטסלאָזן

## אין די קריזיס־יאָרן

אַ שוואַרצער נעפּל האָט פאַרצויגן
דיין פרייע, גאָלדענע לאַנד;
עס שטייען שטומע די מאַשינען,
עס באַוועגט זיך ניט דיין האַנט...

דו האָסט געיאָגט זיך און געטריבן
און צופיל פּראָדוצירט;
מאַשינערי צופיל ערפונדן,
און דו ביסט איצט פאַרפירט...

צופיל תבואה אין די שפּייכלער
פעלט דיר אויס אויף ברויט;
קליידער אָנגעלייגט אין סטעגן,
און שיך צופיל געניית...

הויכע הייזער אָנגעבויט
און דיר אַ דירה פעלט;
קוילן צופיל אָנגעגראָבן,
ציטערסטו פון קעלט...

קריגסטו איצטער דיין באַלויבונג,
וואָס דו האָסט זיי געטרויט;
און דו מוזט אין רייע וואַרטן
פאַר אַ שטיקל ברויט...

# מאַשינעס אָנשטאָט הענט

דער באָס דאַרף מער ניט שרייען, ברומען,
אפשר איז ווער שפעט געקומען, —
ווער עס רעדט און ווער עס לאַכט,
ווער צו ווינציק אַרבעט מאַכט.

רעדער שנעל און שנעל זיך דרייען,
און זיין האַרץ עס טוט זיך פרייען,
אָן אַ ווידערשטאַנד, פּראָטעסט,
דרייען זיי זיך אין פּאַרמעסט...

יעדן מאָל אַ ניי מאַשינע,
עס באַווייזט זיך אויף דער „בינע",
ווערט פון זיך אַליין געטריבן,
נאָך צאָל „הענט" אָן ברויט געבליבן...

אָן קיין שום אָרגאַניזאַציע,
רעדט ניט פון עקספּלואַטאַציע...
אָן אַ טשערמאַן אינם שאַפּ,
אָן אַ האַמער, אָן אַ קלאַפּ!

ס'פליט געהאָרכזאַם ווי אַ שקלאַף,
אַלעס וואָס נאָר זי באַדאַרף,
איז אַ שמיר, אַ ביסל אויל,
און זי לויפט שוין ווידער וואויל...

ס'זיפצט דער אַרבעטער פאַרביטערט,
און זיין האַרץ פאַר שרעק עס ציטערט...
פאַר זיין גולם־קאָנקורענט,
וואָס וואַרפט אַרויס אַזויפיל „הענט"...

# צום אַרבעטער

זינג מיט מיר די פרייהייט לידער,
טרוים מיט מיר פון נייער וועלט,
וואו דו ווערסט פון מי קיין מידער,
וואו פאַרקויפט ביסט ניט פאַר געלט.

האָסט אויפגעבויט אַ וועלט אַ שיינע,
מיט אַזויפיל גלאַנץ און פּראַכט;
פאַר זיך אַ שטיבעלע, אַ קליינע,
וואו ס׳איז שטענדיק פינצטער, נאַכט.

וועסט געהאַלטן אין אומוויסן,
פרעמד איז דיר דיין קינד, דיין ווייב;
דיינע קליידער, אַלט, צעריסן,
אויף דיין אויסגעמאַטערט לייב...

גענוג צו בויען און צו שקלאַפן,
גענוג צו ליידן הונגער, קעלט!
קום, דו האָסט דאָך זי באַשאַפן,
אָט די ליכטיק, שיינע וועלט...

## דער בויער

קלאַפּ מיין האַמער, קלאַפּ,
בוי דעם פונדאַמענט,
צו גיסן דעם צעמענט
קלאַפּ מיין האַמער, קלאַפּ!

טראָג, מיין אַקסל, טראָג,
די באַלקנס שווער און לאַנג,
טראָג, מיין אַקסל, טראָג,
טראָג מיין אַקסל, טראָג!

לייג די ברעטער, לייג,
נעם זיך צו די ווענט,
שנעל באַוועג די הענט,
לייג די ברעטער, לייג!

זינג מיין זעג און לאַך,
נאָר אַרבעט וואָס מער מאַך,
אַרבעט גאָר אַ סך, —
זינג מיין זעג, און לאַך!

פּאַס די טירן, פּאַס,
צוויי און דריי און פיר;
יענער אַרבעט דאָרט,
שנעלער נאָך פּאַר דיר...
פּאַס די טירן, פּאַס!

פלי, מיין הובל, פלי,
ליב איז דיר די מי.
יאָג זיך איבער ברעט,
גלעט זי אויס, זאָל זיין
פינקלדיק און פיין.

פענצטער איינס נאָך איינס,
אַ שלעפּ אַרויף, אַראָפּ,
העכער האַלט דעם קאָפּ,
פענצטער איינס נאָך איינס...

קלאַפּ מיין האַמער, קלאַפּ,
באַלד, שוין ניט קיין סך,
האַלסט שוין ביי דעם דאַך,
קלאַפּ מיין האַמער, קלאַפּ!

פאַרטיק שוין דאָס הויז,
אַך, ווי שיין און גרויס!
שטייסט פאַרלייגט די הענט, —
דיין אַרבעט ניט דערקענט?

נו, אַ גוטן טאָג —
טראָג, מיין אַקסל, טראָג,
דאָס געצייג איז שווער...
מען דאַרף דיך שוין ניט מער!...

# די סאָבוויי־גרעבער

1

גרילצן עקבער אין שטיין —
טיף אונטער דער ערד;
אַ מענטשלעך לעבן אַזוי קליין,
אָן באַטרעף און אָן ווערט.

פינצטער אינווייניק און נאַס,
און די לופט פאַרשטיקט;
שוואַך דאָס ליכט דאָס פנים בלאַס,
האַרט צום שטיין זיך דריקט...

עס טאַנצט דער עקבער מיט אַ ציטער,
געיאָגט פון ווילדער קראַפט,
גלייך ווי געבייטשט מיט שאַרפע ריטער,
דעם, וואָס דאָרטן שאַפט...

עס ליגן רעלסן שוין צוויי רייען,
סטאַנציעס גרויס און ברייט!
וויפיל מענטשן, האָט געדראָהעט,
דאָ דער אַנגסט פון טויט...

עס לויפן צוגן, ס׳קלאַפן רעדער,
מיט גבורה און מיט מאַכט,
און פאַרגעסן איז דער גרעבער,
וואָס האָט דאָס אַלץ געמאַכט..

## דער פונדאַמענט-גרעבער

2

פיבערהאַפּט גייט אָן די אַרבעט
ביי דעם טיפן פונדאַמענט;
וואו עס גראָבן נאָך מאַשינען,
וואו מען גיסט שוין דעם צעמענט.

ניט קיין פראָסט און ניט קיין שניי
קען די אַרבעט ניט פאַרהאַלטן;
די רידלען פרירן אין די הענט,
פון רעגן זיך ניט צו באַהאַלטן.

דאָ און דאָרטן איבער גריבער
רעדער דרייען זיך און הויבן;
גרעבער אונטן גראָבן טיפער,
און שיקן ערד אַרויף צום אויבן.

מ׳גראָבט אַלץ טיפער אָן אַן אויפהער,
און פון קעלט מען פילט קיין אבר;
און איין עמער נאָכן צווייטן,
שיקט ווער אַרויף פון פייכטן קבר...

פלוצים גרייכט אַ פייף אַריבער,
און עס בלייבן שטיין די רעדער,
ווי די שאָטנס פון די גריבער,
קריכן זיי אַרויס די גרעבער...

הויכע שטיוול, נאַסע קליידער,
פנימער קוים צו דערקענען;
צו דערוואַרעמען די גלידער,
וואַרפן אָן זיי האָלץ צום ברענען...

קוים דערווארעמט זיך אַ ביסל,
ס'אָרעם מאָלצייט אָפּגעקומען, —
שוין צוריק אין טיפע גריבער,
צו דער אַרבעט זיך גענומען...

וואָס־זשע, טראַכט דער גרעבער אונטן,
ווען ער האַלט דאָרט אין איין גראָבן?
טראַכט ער פון זיין פרוי און קינדער,
וואָס צום לעבן קוים זיי האָבן...

אפשר פון דעם הויכן טורעם,
וואָס מען וועט דאָ באַלד אויפבויען?
אפשר פון די רייכע דירות,
מיט די אויסגעפּוצטע פרויען?...

אָבער ער איז בלויז אַ גרעבער,
און צו גראָבן איז זיין ציל...
ענדיקט ער אַ גרוב צו גראָבן,
גראָבט ער שוין אַ צווייטע שטיל...

שנעל און שנעלער גייט די אַרבעט,
ס'שטייען סלופּעס, אייזן, באַלקנס;
מאַשינען זשומען אין דער לופטן,
הויך, עס דאַכט זיך, אין די וואָלקנס...

בלענדיק־רויטע אַייזן־שרויפן,
פליען פון דעם שמיד צום ניטער,
כאַפּט עס אויף אַ האַנט, אַ צוואַנג,
ס'גיט דאָס פייער אַזש אַ ציטער...

טאָג נאָך טאָג עס וואַקסט דער טורעם,
ווענט פון מירמל און סטאַטועז;
קלענער ווערט דער מענטש אַלץ אויבן,
ביי דער אַרבעט, וואו זיי בויען...

ווען דער גרעבער קומט פון אויבן,
און דעם וואונדער ער באַטראַכט!
איז אים שווער שוין צו גלויבן,
אַז דאָס איז זיין אַרבעטס־מאַכט...




„דזשאַן" געצייכנט פון ל. ברעסלאָוו

## „דזשאַן"

דזשאַן האָט פון זיין הינטער טאַש
אַ פלאַש אַרויסבאַקומען;
זי באַטראַכט פון יעדער זייט,
און אַ ביסעלע „גענומען"...

דאָס ביסעלע איז ניט געווען,
פון דאָס עכטע, בעסטע,
דאָס פלעשעלע, ניט גאָר קיין קליינס,
דאָך אויך ניט פון די גרעסטע.

דזשאַן, איז איצט שוין מוטיקער —
צו זיך גענומען ריידן:
„מיינע צווייפלען דו פאַרטרייבסט,
כ'פיל ניט מער קיין ליידן!"

און זיין מויל האָט ער געעפנט,
געכאַפּט עס צו די ליפּן;
האָט אין פלעשל זיך צעבאָלבעט,
מיט אַ מאָדנעם שיפּען.

דזשאַן האָט זיך אויף דעם פאַרקרימט
און טרויעריק געוואָרן;
צי ווייל דאָס פלעשל איז שוין לעער,
צי ווייל דעם „דזשאַב" פאַרלאָרן...

ער האָט אַ וואָרף געטאָן דאָס פלעשל
אויף שטיקלעך עס צעבראָכן
און וואַקלענדיק אויף זיינע פיס,
צו אַ וואַנט קוים דערקראָכן.

און צו זיך גענומען מורמלען
און קריצן מיט די ציין:
„ניין, איך קאָן ניט זיין אַ „סקעב"
כ׳וועל אַהין ניט גיין.

מעג איך טאַקע זיין אַ שיכור,
האָב נאָך אַלץ געוויסן;
כאָטש מיין ווייב און קינדער,
האָבן ניט קיין ביסן.

און כאָטש איך טרינק דאָ אָט־דעם סם
פון זיי טאַקע געשענקט;
זיי האָבן מיך מיט דעם געקויפט,
האָבן זיי געדענקט...

איר וועט דזשאַנען ניט פאַרנאַרן
דורך קיין הינטער־טירן;
מעג איך טאַקע זיין אַ שיכור,
איר וועט מיך ניט פאַרפירן.

אַ שיינעם דאַנק אייך פאַר דעם פלעשל,
אַ רוח אין אייער טאַטן!
פאַר טויזנט דאָך אַזעלכע נאָך —
כ׳וועל די ברידער ניט פאַרראַטן"...

## „אַמעריקע“

אין קריזיס־יאָרן פון 1929

אַמעריקע ביסט שיין און רייך
און פריי ביסטו, פאַר אַלע גלייך,
דו האָסט קיין קעניגלעכן טראָן,
ס'באַצירן „שטערן“ פיל דיין פאָן —
אַ שטערן—סימבאָל פון אַ שטאַט,
מיט גאָלד פאַרשריבן יעדער טאַט.
די „פרייהייט־געטין“ האַלט הויך איר ליכט,
מיט ליבן שמייכל — איר געזיכט,
באַגריסט זי יעדן ווער עס קומט,
און יעדן וואָס פון פרייהייט טרוימט.
געוועזן אַזוי ביז גאָר ניט לאַנג,
און ווייט געקלונגען האָט דיין קלאַנג.
און וואָס איז מיטאַמאָל געשען?
דו האָסט דיין פרייהייט־ליכט פאַרלאָשן,
טיר און טויער צוגעשלאָסן.
דו גיסט פון די ניט מער קיין טראַכט,
וואָס האָבן דיר גאָר רייך געמאַכט,
וואו זענען איצטער זיי'רע גליקן?
פאַר זיי פאַרשלאָסן די פאַבריקן.
זיי האָבן געגראָבן דיינע מינעס,
געאַרבעט מיט די שלעפּ־מאַשינען
אין געפאַר געשטעלט דאָס לעבן,
וואָס האָסטו זיי פאַר דעם געגעבן?
מיליאָנען בעטלער מיטאַמאָל...
לאַנגע רייען אָן אַ צאָל,
שווידערלעך איז זייער נויט...

זוכן איצט אַ שטיקל ברויט,
און אָן האָפנונג און באַנג,
שטייען זיי אין רייען לאַנג,
זיי זוכן אַרבעט צו פאַרדינען,
זייער פלאַץ פאַרנומען די מאַשינען.
ליידן זיי איצט הונגער נויט...
שטרעקן אויס די הענט נאָך ברויט.
הענט וואָס האָבן אַלץ באַצירט,
וואָס דו האָסט מיט זיי שטאָלצירט;
הענט וואָס האָבן בערג צעגראָבן,
זאָלסט פון אַלעם גוטן האָבן;
געטריקנט זומפּן, געגלייכט די טאָלן,
און דו האָסט גאָר אָנגעקוואָלן...
איצטער מאַכסטו זיך ניט וויסן,
פּלאָגט דיך דען ניט דיין געוויסן?
זיי האָבן זייער גאַנצן לעבן,
נאָר געשאַפן, נאָר געגעבן,
פאַר די רייכע, פאַר די גביר'ן,
איצט פאַרמאַכן זיי די טירן,
דאַרפן מער קיין הענט ניט האָבן,
זיי האָבן שוין גענוג ערוואָרבן,
און זיי דריקן און זיי שפּאָטן,
און די פרייהייט לאַנג צעטראָטן,
און אַלץ טוט איצט זיין געביין געהערן — — —
פון פרייער לאַנד וואָס וועט ערשט ווערן?

# אַרבעטסלאָזיקייט

יעדער טאָג דער זייגער וועקט,
זי כאַפּט זיך אויף גאַנץ פרי מיט שרעק,
זי אײַלט זיך פרי אין שאַפּ צו גיין,
זי לויפט צום סאָבוויי, כאַפּט אַ „טריין"

און „הענגענדיק" שוין אויפן „סטראַפּ",
זי טראַכט פון פאָרמאַן, באָס און שאַפּ.
ביי דעם געדאַנק, זי ווערט פאַרציטערט,
פון „סלעק" — איר לעבן ווערט פאַרביטערט.

אָט איז זי שוין אין שאַפּ ביים טיר,
פאַרזאָרגט, אַ בליק באַגעגנט איר,
אַ שטילער קרעכץ, באַגלייט מיט וויי, —
עס טוט אַ ראָד זיך ניט קיין דריי...

מען וואַרט, מען וואַרט, פאַרשטילט, פאַר שטומט,
פיליכט אַ ביסל אַרבעט קומט.
עס קלאַפּט דער זייגער שעה נאָך שעה,
און ס'איז קיין אַרבעט אַלץ ניטאָ.

„הענגט" זי ווידער אויפן סטראַפּ,
עס קלאַפּט דאָס האַרץ אין שרעק—קלאַפּ־קלאַפּ.
די „דירה־געלט, דעם לענדלאָרד קומט,
זיין בליק איז בייז, ער דראָט, ברומט.

ער שרעקט — אין גאַס אַרויסצושטעלן,
ווען באַצאָלן, וועט זי פעלן,
און גאַז, עלעקטריק צוגעמאַכט"
זי האַלט זיך ביי דעם סטראַפּ און טראַכט.

שוין אַלע קוואַלן אויסגעשעפּט,
און ווי אַ קרענק די „סלעק" זיך שלעפּט.
עס נאָגט דאָס האַרץ עס פרעסט די ברוסט,
און ס'לעשט די האָפנונג, די לוסט...

## נייע מאַשינען

לויפן רעדער אָן גערודער,
גייט די אַרבעט פעסטן גאַנג;
עס רעדט קיין ברודער ניט צו ברודער,
ניט עס הערט זיך אַ געזאַנג.

און דער מענטש, ער שטייט אין דרויסן,
ויין גרויסן אויפטו ער באַטראַכט.
אַזאַ פאָרטשריט אַזאַ גרויסן,
האָט די קלוגע וועלט געמאַכט.

בלויז אָן אים האָט מען פאַרגעסן,
ווי אַן איבעריקע זאַך.
גייט ער טעגוויים ניט געגעסן,
פעלט אים איבער קאָפּ אַ דאַך.

גרויסע שטאָט און ברייטע גאַסן,
אַ לאַנד וואו אַלץ איז שיין און פיין.
פאַרצווייפלט גייען אום די מאַסן,
מיט שרעק פאַרן מאָרגן, וואָס וועט זיין ?

# פיקעטס

גייען סטרייקערס איינס נאָך איינס,
מיט פּלאַקאַטן אין די הענט.
שפּאַנען, שפּאַנען אין אַ ראָד,
און דער פראָסט, ווי פייער ברענט.

און די גאַס איז שיין און רייך,
העל באַלויכטן טאָג און נאַכט.
איז דער גרויסער רעסטאָראַן,
פון שטרענגער פּאָליציי באַוואַכט.

רופן סטרייקערס פון דער ראָד,
מיט געבעט און מיט געזאַנג,
גייען מענטשן שנעל פאַרביי,
גייען, גייען זייער גאַנג.

און די געסט אין רעסטאָראַן
טרינקען וויין און עסן קרעבס.
בלויז דער עסן זייער ציל,
ניט דער סטרייק — געשטערט פון סקעבס...

מיט פולן בויך און פוסטן קאָפּ,
און אויף די ליפּן מיט אַ שפּאָט.
עס ענטפערן די סטרייקערס אָפּ,
מיט מוט פון קאַמף, מיט פעסטן טראָט.

# אונדזער וועלט

עס איז אַמאָל, אַמאָל געווען,
אַ ליבע, שיינע, גרויסע וועלט,
אַ הימל בלוי מיט זון און שיין,
און קיינעם האָט קיין זאך געפעלט.

פעלדער פרייע פול מיט בלומען,
מיט טייכן און מיט בערג און טאָל;
שיינע חלומדיקע וועלדער,
אוצרות פול גאָר אָן אַ צאָל.

האָט גאָט באַשאַפן פילע ברואים,
זיי שפרינגען אום אויף אַלע פיר;
ביז אַ פאָר האָבן פאַרבלאָנדזשעט,
ווייט אַזש צום גן עדן טיר.

האָט אַ שלאַנג זיי דאָרט דערזען
זיי נאָכגעגאַנגען טראָט ביי טראָט;
זיי איינגערעדט דעם עפל עסן,
וואָס פאַרבאָטן איז פון גאָט.

איז גאָט געוואָרן זייער בייז,
פאַר עסן די פאַרבאָט'נע פרוכט;
און זיי פאַרטריבן פון גן עדן,
און דעם שלאַנג און מענטש פאַרפלוכט.

האָבן זיי די מענטשן־ברואים
אַוועקגעוואַנדערט אין דער וועלט ;
אויסגעבויט פאַר זיך געצעלטן,
צו באַשיצן זיך פון קעלט.

און פארכאפּט די שיינע פעלדער
און די בערג ביז אין דער הויך...
און דעם שיינעם, בלויען הימל,
פאַרפלעקט מיט וואָלקנס שוואַרצן רויך...

צעטיילט די וועלט אויף שטיק און שטיקער
אָן שום יושר, גאָרניט גלייך...
אַ גרויסן טייל געלאָזן אָרעם,
אַ קליינע צאָל איז שטאַרק און רייך...

אַ קליינע צאָל זיי — זענען הערשער
און עס פעלט זיי ניט קיין זאַך.
און די מערהייט אַ פאַרשקלאַפטע,
ליידן, ליידן, גאָר אַ סך...

די הערשער ווערן קיינמאָל זאַט ניט,
שטענדיק דאָרשטן זיי נאָך קריג ;
טרייבן זיי אין קאַמף די שקלאַפן,
מיט בלוט צו צאָלן פאַרן זיג...

קומען זיי אַ היים פאַרקריפּלט,
פילע פאַלן אין דער שלאַכט;
ווערן בייזער נאָך די הערשער,
און דריקן נאָך מיט מערער מאַכט.

פון פאַרצווייפלונג זיי, די שקלאַפן,
קלאָגן זיך פאַר זייער גאָט:
ניט גערעכט זענען די הערשער,
ניט זיי פאָלגן זיין געבאָט.

און זיי וואַרטן אומגעדולדיק,
ער זאָל זיין צו זיי גערעכט;
ער באַשיצן זאָל די שוואַכע,
אומגליקלעכע מידע קנעכט.

ס׳איז אומזיסט, ניטאָ קיין ענטפער,
זיי פאַרלירן דעם געדולד,
און פאַר זייער נויט און ליידן,
וואַרפן זיי אויף גאָט די שולד.

ער אַליין, איז אויך אַ הערשער,
וואָס רעגירט און אַלץ באַשאַפט;
וויל ער דען מען זאָל זיך בוקן
א ו ן צ ו א י ם א ו י ך זיין
פאַרשקלאַפט?..

# ער האָט זיי פאַרראַטן

גע‏לעבט האָבן פילע שעפּסעלעך
ווייסינקע ווי שניי;
געקומען איז אַ שוואַרצינקער,
אום צו פירן זיי.
מע־מע־מע אום צו פירן זיי.

וואָס זיצט איר דאָ אין סטעפּעס ווילדע?
עסן, טרינקען פעלט!
קומט, איך וועל אייך קינדער פירן,
אין דער ברייטער וועלט!
מע־מע־מע אין דער ברייטער וועלט.

האָט קיין מורא פאַרן הונט,
וואָס פאַרפאָלגט אַייך אַלץ;
רואיק פאָלגט דאָס גלעקל נאָך,
ביי מיר דאָ, אויפן האַלדז.
מע־מע־מע ביי מיר דאָ אויפן האַלדז.

כ׳וועל פירן אייך, וואו פעלדער גרינען
דאָרט קיין שפּייז ניט פעלט,
און וואו טייכעלעך דאָרט פליסן,
טרינקט, ווי אייך געפעלט.
מע־מע־מע טרינקט ווי אַייך געפעלט.

און געפירט האָט זיי דער שוואַרצער
מיטן גלאָק פאָראויס;
דורך מדבר טרוקענעם און וויסטן
די כוחות גייען אויס.
מע־מע־מע די כוחות גייען אויס.

ביז עס האָבן זיך דערזען
לאָנקעס, גרינע פיל;
קלאָרע וואַסער צווישן בוימער,
און אַ שאָטן קיל.
מע־מע־מע און אַ שאָטן קיל.

און די שעפּסעלעך, די פילע,
הונגעריק זענען זיי;
באַדעקט האָבן די לאָנקעס גרינע,
ווי קלאָרער, ווייסער שניי.
מע־מע־מע ווי קלאָרער ווייסער שניי.

פון וואַנען האָבן זיך גענומען,
בייזע הינט אַהין?
אין אַ שלאַכט־הויז זיי פאַרטריבן
פון די לאָנקעס גרין.
האַוו־האַוו־האַוו פון די לאָנקעס גרין.

און פאַרראַטן האָט דער פירער,
פירער, שוואַרצער, זיי;
אין בלוט אין רויטן פאַלן,
שעפּסעלעך, ווי שניי...
מע־מע־מע שעפּסעלעך ווי שניי...

## ס׳לעבן איז קורץ...

ס׳לעבן איז קורץ,
און אַרבעט נאָך פיל;
און ס׳יאָגט מיך און ס׳טרייבט,
צו שאַפן אין שטיל.

מיט ליבע איך פאָלג,
מיין גרויסן פאַרלאַנג,
כ׳שאַף מיט אַ לוסט,
מיין האַרצנס געזאַנג...

דאָס לעבן איז קורץ,
און אַרבעט אַ סך, —
אָך, פיל שוין געטאָן,
און פאַרטיק קיין זאַך...

איך אַרבעט נאָך מער,
ניט ווערנדיק מיד,
עס ברויזט מיט געפיל
אַ ליד נאָך אַ ליד...

דאָס לעבן איז קורץ
און אַרבעט אָן ברעג,
עס שווינדן די נעכט,
עס לויפן די טעג.

איך אַרבעט מיט איַיל,
מיט לוסט און געדולד;
אויב פאַרטיק נאָך ניט, —
איז דאָס ניט מיין שולד...

# מיין נייע פאַנטן פען

פיל מיך אָן, מיין הער, איך וועל,
אַלעס, אַלעס דיר דערקלערן;
זעסטו ווי די טראָפּנס טינט,
זיי פאַרוואַנדלען זיך אין טרערן...

דאָס וויין איך דאָך פאַר יענע דאָרט,
וועלכע האָבן מיך געשאַפן;
כ׳בין אַ פרייע אין דיין האַנט,
און זיי דאָרטן אַלץ נאָך שקלאַפן...

איך האָב פאַרשפּראָכן דאָרטן זיי
צו אויסדערציילן פון די ליידן,
אַוואו, צו וועמען נאָר איך קום,
אַ וואָרט אַ גוטן פאַר זיי ריידן...

געקומען בין איך איצט צו דיר
און זייער ווי פאַר דיר אויסשרייען!
עס זאָל דערהערן זיי די וועלט
און זיי אייך פון נויט באַפרייען...

# צו מיינע טייערע פריינט

געווידמעט בר. 25 און בר. 25 ב. אַרבעטער־רינג

מיין פריינט!

ניט מיט גאָלדנע שטראַלן האָסטו מיך
צוגעצויגן;
פאַראייניקט האָט אונדז בלויז די נויט.
ניט געוואָלט האָב איך דעם רוקן בויגן,
האָב איך געהאָלפן שמידן דיר דיין קייט.

פון לאַנגן קייט אַ רינג געפלאָכטן,
וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט;
דורכגעמאַכט אַזויפיל שלאַכטן,
מיט דיר צוזאַמען זיך געקוועלט.

כ׳האָב דיין פאָן דאָך הויך געהאַלטן!
מיטגעטראָגן איבעראַל;
פון קאַמף זיך קיינמאָל ניט באַהאַלטן,
אין קאַמף פאַר אונדזער אידעאַל.

כ׳וועל טייער האַלטן דיין מתנה,
צו מיין געבורטסטאָג מיר געשענקט —
דו האָסט דערמונטערט מיין נשמה,
וואָס דו האָסט פון מיר געדענקט.

דו האָסט אַ פעדער מיר געגעבן,
זי צו נוצן, כ׳ווער ניט מיד;
אין די פרייע שעהן מיינע,
איך באַשאַף פאַר דיר אַ ליד.

מיט דיין פּען וועל איך אויסקריצן,
רויטע אותיות פון דער צייט;
כ׳וועל באַזינגען דיינע קאַמפן,
און דיין מוטיק העלדנשטרייט.

מיין פריינט, דיין קאַמף איז נאָך אַ שווערער,
איך לאָז ניט איבער דיר אַליין —
איך בין גרייט אין אַלע קאַמפן,
מיט דיר צוזאַמען שטענדיק גיין...

## מיין שוועסטערל

צום פרויען־ברענטש 25 ב. אַרבעטער־רינג

איך האָב אַ קליינע שוועסטערל
איר גייט דאָס זעקסטע יאָר
אַזוינע ליבע שוועסטערלעך,
וואו נעמט מען נאָך אַ פּאָר?

זי לויפט מיט מיר צו מיטינגען
ביז נאָך אַ האַלבע נאַכט;
זי ווערט ניט מיד, ניט שלעפעריק,
נאָר איבער מיר זי וואַכט...

זי כאַפּט זיך אויף נאָך זייער פרי,
ביים ערשטן זייגער קלונג;
און זי איז שוין מיט זאָרגן פול,
כאָטש גאָר נאָך אַזוי יונג...

זי קעמפט מיט מיר, מיין שווערן קאַמף
מיין קאַמף מיט הונגער, נויט;
צו מאַכן שענער אונדזער וועלט,
איז זי אויך שטענדיק גרייט...

זי לאָזט איר שטימע הערן ווייט,
ניט ווי קיין קינד, נאַאיוו;
און ווען עס קומט צום קלאַסן־קאַמף,
דאַן איז זי שטאַרק אַקטיוו...

לאַנג לעבן זאָלסטו שוועסטערל,
צו דיר, מיין ליד איך זינג!
דו, יונגע שיינע צווייגעלע,
אין אונדזער אַרבעטער־רינג...

# אַ באַגריסונג

צו דער גרינדונג פון יוגנט־בר. 1025 אַרב. רינג

יונג ביסטו אַזוי און מוטיק,
הויך טראָג אונדזער פאָן!
אונדזער קאַמף איז באַלד געענדיקט,
דיינער הויבט זיך אָן.

אונדזער קאַמף איז אַ גערעכטער —
אָרעם קעגן רייך;
כאָטש פאַרלייגט איז ער מיט שטיינער,
און ער גייט ניט גלייך.

כאָטש דער וועג איז פול מיט ליידן,
דאָך געפינט מען פרייד;
ווען דו העלפסט די שוואַכע, מידע,
וואָס ליידן שטילערהייט...

ווען דו קומסט אַ יונגער, שטאַרקער,
מיט שטראַלנדן געזיכט;
ברענג זיי האָפנונג אין לעבן,
ברענג זיי טרייסט און ליכט!

פון אומוויסנהייט באַפריי זיי,
ווייז אַ וועלט זיי — ניי!
וואו זיי קענען לעבן גליקלעך,
לעבן שיין און פריי!

יונג ביסטו אַזוי און מוטיק
הויך טראָג אונדזער פאָן!
אונדזער קאַמף איז באַלד געענדיקט,
דיינער הויבט זיך אָן!..

# די רויטע פאָן

פּרעזענטירט פון פרויען־ברענטש 25 צו קיעווער רעוואָ
לוציאָנערן בר. 25 אַ. ר. צו דער פייערונג פון 30 יאָ
ריקן יובילעאום, אָקטאָבער, 1936

פון רויטן זייד האָסטו די פאָן געשפּונען
מיט גאָלדענע ווערטער האָסטו זי באַצירט;
אַ געטרייען חבר כ׳האָב אין דיר געפונען,
אויף מיין וועג אַוואו איך האָב געפירט.

געהאָלפן האָסטו מיר די נויט באַקעמפן
און טיילווייז, דאַכטזיך, האָבן מיר געזיגט;
אונדזערע הערצער אין בלוטנדיקע קרעמפן,
ניט איינמאָל האָבן אונדז אין פיין געדריקט.

ניט איינמאָל איז די האָפנונג פאַרשוואונדן
ווען פאַרלאָרן האָבן מיר אַ שלאַכט;
דו האָסט מיין וואונד געהיילט, און פאַרבונדן,
און דעם שונא ווידער שוין באַוואַכט.

כ׳נעם אָן דיין מתנה חבר געטרייער
די פרייד איז דיינע פונקט אַזוי ווי מיין;
דיין פאָן ברענט מיט נייעם פייער,
אין קאַמף פאַר „זיין אָדער מער ניט זיין״.

די דרייסיק יאָר אַרבעט מיין גוף האָט געבויגן,
דאָך געלערנט האָב איך זייער פיל;
מיין גייסט איז אָבער יונג, און שאַרף די אויגן,
און קענען קוקן וזייט, צום גרויסן ציל.

די וואָלקנס גייען, וואָס קומען אָן אַנטקעגן
וועלן ניט פאַרשטעלן מיר דעם וועג;
איך וועל טראָגן דיך דורך שטורעם, רעגן,
ס׳מוזן דאָך ווען קומען זונען־טעג...

טאָ קום מיין חבר, דער וועג איז נאָך אַ לאַנגער
און שטאַרק איז נאָך דעם שונאס ווידערשטאַנד;
פאַראייניקט שטירצן מיר זיין שוואַרצן לאַגער,
און פריי ווערט די וועלט פון בלוט און שאַנד...

# אונדזער בראַווער גענעראַל

געווידמעט צו אונדזער פריינט און גרינדער

אברהם סאָלאָוויאָוו

צו זיין 50טן געבורטסטאָג

ער האָט געזאַמלט זיין אַרמיי
אין זיבעטער סטריט, אין פּאַרק,
זי איז געווען גאַנץ קליין אין צאָל
און ניט זייער שטאַרק.

געווען איז ער דאַן יונג
און מיט פאַנטאַזיע רייך,
געטרוימט פון אַ שיינער וועלט
וואו אַלע לעבן גלייך.

זיין אַרמיי איז געוואַקסן
גרעסער אַלץ אין צאָל,
אַלע יונגע שטאַרקע
פון קרעשטשאַטיק און פּאָדאָל.

מוטיק און אַנטשלאָסן
צו קעמפן און זיין פריי
מאַרשירט האָט ער מיט זיי
יעדן ערשטן מאַי.

מיט אַ גאָלדן אויפשריפט
אויף אַ רויטער פאָן
מאַרשירט האָט דער יונגער
קיעווער באַטאַליאָן.

איר האָט אים דאַן געזען
רייטן אויף אַ פערד
מיט קלינגענדיקע שפּאָרן
און מיט אַ בלויזער שווערד.

נאָך אים אַ גרויסע מאַסע
מיט הילכיקן געזאַנג
גרייט צו גיין אין פייער,
דערפילן זיין פאַרלאַנג.

שוין יאָרן זיי מאַרשירן
טראָגן הויך די פאָן
דער זעלבער אַלטער פירער,
דער זעלבער באַטאַליאָן.

זיין שטימע קלינגט ווי פריער,
און זיין האָפענונג נאָך גליט.
און אויך זיינע סאָלדאַטן
זיי זענען נאָך ניט מיד...

גרוי איז איצט זיין קאָפּ
דאָך יונג איז נאָך זיין גייסט
צו זיינע פופציק יאָר
איז ער נאָך מוטיק, דרייסט.

ער מאַרשירט נאָך אַלץ פאָראויס
צום ליכטיקן אידעאַל;
דער יונגער גרויער פריינט,
דער בראַווער גענעראַל.

# אַ באַגריסונג!

צו ברענטש 25 ב. אַרבעטער רינג, צום נײַנטן יאָר.

איך וואָלט געוואָלט דיך באַגריסן הײַנט,
מיט אַ ריטמיש־אַלטן ניגון
אָבער שווער איז מיר איצט שווער,
דיך מיט לידער צו פאַרוויגן...

ביסט אויסגעוואַקסן גרויס און שײן,
דו האָסט גאָר אַנדערע פאַרלאַנגען.
און עס קלינגט דיר ווי אַ שפּאַס
יענע אַלטע קלאַנגען...

זיי האָבן דיך אַלע אָפּגענאַרט,
צעשטערט אַלע באַגערן.
בלויז דער רוף צום נײַעם קאַמף,
אין דער לופטן לאָזט זיך הערן.

דער קלאַנג פון צאָרן און פון האַס,
מאַרשירט דיר גלײַך אַנטקעגן,
לײַדן קרעכצן און געוויין
פאַרהילכן אַלע וועגן...

אַ בייזער גייסט האָט דורכגעשוועבט,
צעשטערט האָט אַלע זיגן.
מיט אַ ליד מײַן טײַערע,
איך קען דיך ניט פאַרוויגן...

דו מוזט זיין וואַכיק שטאַרק און דרייסט,
גיין דעם פיינט אַנטקעגן.
צו דעם גיפטיקן פאַשיזם —
פאַרשפאַרן אַלע וועגן...

די איצטערדיקע וועלט איז קראַנק
און ברענט פון אַלע זייטן;
פאַרלאָרן האָבן מיר דעם קאַמף
פון ניי און אַלטע צייטן.

איצט לאָמיר ווירדיק גיין פאָראויס!
צו נעמען פאָזיציעס נייע,
צו שוואַכע ברענגען הילף און טרייסט,
פאַר זיך — אַ וועלט אַ פרייע!

# צו דער באַפרייאונג פון טאָם מוני

**צו זינגען אויף דער מעלאָדיע האַלט די פעסטונג**

די פרייהייט ליכט האָט דורכגעדרונגען
דורך די טורמע ווענט,
אַרויסגעריסן טאָם מונין
פון דעם הענקערס הענט
און דערפרייט האָט זי די הערצער
פון די אַרבעטסלייט.
ווייל טאָם מוני זייער פירער
איז ערנהאַפט באַפרייט...

ניט געלונגען איז די פאַרשווערונג
פון קאַפּיטאַל געגרייט.
ניט געהאָלפן אַייזן־גראַטעס
ניט קיין שטאָל און קייט —
דער אמת האָט די ווענט צעשמעטערט,
דער שקר איז צו שאַנד,
טאָם מוני שוועבט איצט ווי אַ פויגל
איבער פרייען לאַנד.

צוויי און צוואַנציק יאָר געהאַמערט,
אין ווענט ווי אַייזן האַרט —
וואו טאָם מוני האָט געשמאַכטעט,
פון פאַרשווערער אַיינגעשפאַרט
ביז דער גייסט פון פרייהייט קעמפער,
האָט ענדלעך דאָרט דערוואַכט,
זונען־שטראַלן אָנגעצונדן
אין דער פינצטערער נאַכט...

אויך דעם גוטן פריינט פון פרייהייט
אַלסאָנען אַ דאַנק,
ווייל געגעבן האָט ער דעם פאָרטשריט
גאָר אַ גרויס געשאַנק —
און טאָם מוני, אונדזער מוני — —
שפאַנט מיט אונדז אין ריי,
און די פאָן פון קאַליפאָרניע,
פלאַטערט ווידער פריי!



אין נאַצי לאַנד (אילוסטרירט פון מאַרק יאַפע)

# אין נאַצי לאַנד

אָ, מאַמע מיין טייערע מאַמע!
וואָרום טרייבט מען אַרויס אונדז אין גאַס?
ווער זענען די מענטשן די שלעכטע —
וואָס פון אונדז מאַכן חוזק און שפּאַס...

וואוהין האָט מען גענומען מיין טאַטן?
מיין ברודער וואוהין אָפּגעפירט?
פאַרוואָס ברעכט מען די שויבן פון הייזער
און טירן מיט בלאָטע פאַרשמירט...

אָ, מאַמע וואָס איז דער געטומל?
זע דאָרט! ווי דער הימל איז רויט.
ווער האָט אָנגעצונדן דעם פייער?
און מענטשן צעשראָקן אויף טויט...

איז אפשר אַ קריג שוין אַ נייע?
וויל אַ שונא צעשטערן די שטאָט?
קום גיכער, אָ, מאַמע געטרייע,
מיר וועלן לויפן און בעטן ביי גאָט...

האָסט געזאָגט מיר אַז גאָט איז אַ גוטער,
ער ליבט קליינע קינדערלעך שטאַרק.
ער וואוינט דאָרט אין שולכל דער שיינער,
ניט ווייט פון דעם שטאָטישן מאַרק...

נאָר, מאַמע! האָט דאָס קינד אויסגעשריען,
דאָס שולכעלע זע איך גאָר ברענט!
ניטאָ שוין קיין דאַך און קיין טירן,
פאַרבליבן צעבראָכענע ווענט...

וואו װעלן מיר גאָט איצט געפינען?
װען זײן היים איז פאַרברענט און צעשטע
— אָ, װײַן ניט מײַן זונעלע קלײנער,
גאָט לעבט און ער זעט אַלץ און הערט...

# „אינטערנאַציאָנאַל“

צום ערשטן מאַי פון 1933 נאָך דער היטלער רעוואָלוציע

די רויטע פאָן „אינטערנאַציאָנאַל“,
זי פלאַטערט ווידער איבעראַל,
געטראָגן הויך פון שטאַרקער האַנט,
געפאַרבט מיט בלוט פון יעדן לאַנד.

זי איז אונדז אין צווייען טייער,
זי גייט מיט אונדז אין קאַמף דורך פייער;
ווי יידן, און ווי סאָציאַליסטן,
מיר בלייבן אינטערנאַציאָנאַליסטן.

מיט דער פאָן אין אונדזער האַנט,
טרייבט מען אונדז פון לאַנד צו לאַנד;
מעג ווי גרויס זיין אונדזער שרעק,
גיבן מיר זי ניט אַוועק.

די גאַנצע וועלט איז אונדזער לאַנד,
אין יעדן לאַנד, אונדזער פאַרבאַנד. —
ס'שימפט דער שונא אונדז מיט גאַל,
ווייל מיר זענען אינטערנאַציאָנאַל.

און וואו מיר קומען מיר פאַרזייען
פון פרייהייט, גלייכהייט די אידעען,
און אונדזער פרידנס־אידעאַל —
מיר בלייבן אינטערנאַציאָנאַל.

# אין פרילינג 1933

נאָך די ערשטע פּאָגראָמען אין דייטשלאַנד

דער ליבער פרילינג איז ווידער שוין דאָ,
מיט אַ גרינעם צודעק באַדעקט איז די ערד.
ווי קען דאָס האַרץ מיט פרייד דורכדרינגען,
ווען דער שונא ציט ווידער זיין שווערד.

אַנשטאָט אַ דורכזיכטיקן הימל,
גרויע וואָלקנס איבער די קעפּ.
און דער פרילינג אַ פאַרשעמטער
שטייט ווי אַ בעטלער ביי די טרעפּ.

און אין האַרצן ברויזט אַ שטורעם,
לאַנג אויף פרילינג איך האָב געוואַרט,
און אַז ער איז שוין אָנגעקומען,
בלייב איך אַזוי ווי אָפּגענאַרט.

ער האָט ניט געבראַכט, קיין פרייד קיין זונשיין
ניט פון בליאונג פרישן דופט.
גרויע וואָלקנס זע איך שוועבן,
עס דריקט דאָס האַרץ, עס שטיקט די לופט.

# אין נאַצי דייטשלאַנד

דער האַס און גיפט געזייט פאַר יאָרן—
טריאומפירט איצט, זיין יובל פייער.
אַ נייער דור ניט לאַנג געבוירן,
צעשטערט איצט אַלץ וואָס געווען איז טייער!

אַ סוואַסטיקאַ אין בלוט פאַרשמירטע—
סמט די לופט, און רייצט דעם ווילן.
עס זוכט, אַ יוגנט אַ פאַרפירטע—
אין יידיש בלוט איר דאָרשט צו שטילן.

באַרויבט פון אייגן פאָלק די פרייהייט,
קולטור פאַרניכטעט און דעם גלויבן.
איצט מוזן זיי נאָך שווערן טרייהייט,
הייל היטלער! די הענט צו הויבן.

אין די גאַסן ברענען סינאַגאָגן.
שויבן קלינגען מיט הייליקן טרויער;
מענטשן לויפן, קינדער קלאָגן —
און פאַרמאַכט איז יעדער טויער.

אין אַלע ריכטונגען זיי לויפן,
פאַרשפאַרט איז פאַר זיי אַלע וועגן.
זייערע לעבנס זיי דאַרפן אויסקויפן —
איבערלאָזן דאָס גאַנץ פאַרמעגן.

איצט דאַרף די וועלט איר וואָרט הויך זאָגן!
אויב פאַרבליבן איז נאָך וואו געוויסן.
זאָל אַ שטראָם פון צאָרן אַהין טראָגן —
פאַר אונדזער פאָלק וואָס ווערט צעריסן.

אויך אַ שטראָם פון טרייסט פאַר אונדזערע ברידער,
ווען אויסראָטן די נאַציס ווילן.
אויך אונדז צעווייטאָגט זענען די גלידער,
אייער שמערץ און ליידן אויך מיר דאָ פילן.

זאָל אונדזער מיטגעפיל טרייסט אַייך ברענגען
אונדזערע טרערן אייערע וואונדן היילן.
צו אייערע הענקער אונדזער פלוך זאָל דורכדרינגען,
וואָס קומען וועט פון אַלע וועלט־טיילן.

מיט אָפענע הענט ווילן מיר אייך שטיצן!
פאַרלירט ניט ברידער אייער מוט און האָפן.
שוואַך מיר זענען, אייך פון פיינט צו שיצן,
די מענטשהייט דאָך וועט זיי באַשטראָפן.

# „שטאַטלאָזע יידן"

אַרויסגעטריבענע פון עסטרייך

אויף אַ צעבראָכן שיף אָן קיין־לאַנדס פאָן,
פון שונאס האַס און שפּאָט געטריבן.
אָן רעכט, די האָב און גוטס צעשטערט,
פון לאַנד אַלס פרעמדע זיי פאַרטריבן.

וואַנדערט אום דאָס שיף געטריבן פון ווינט,
און קעמפט פאַרצווייפלט מיטן שטורעם.
אָן האָפענונג ווען צו דערגרייכן צו אַ ברעג,
דאָס ליכט איז אויסגעלאָשן פון איר טורעם.

וואָכן און מאָנאַטן... די קרעפטן גייען אויס,
די מאַמעס און די קינדער — אין יאוש און אין טרערן.
די טאַטעס — הויך מיט תפילות רופן זיי צו גאָט,
און גאָט אַליין וויל אויך זיי ניט דערהערן...

אָט דאַכט זיך זיי — זיי זענען שוין וואו ביי אַ ברעג,
און דאַכט זיך — שטימען מענטשלעכע זיי הערן.
דאָך אָן הערצער ווי אָן פעלזן שלאָגן זיי זיך אָפּ,
און דער ים ווערט פולער נאָך פון טרערן.

זיי זוכן אום אַ פלאַץ, פון לאַנד צו לאַנד,
וואו אָפּצורוען מיט דעם גוף דעם מידן.
אָבער דער ענטפער איז איינער, פון פיינט און אויך פון פריינט
ס'איז ניט דערלויבט! איר זייט שטאַטלאָזע און יידן...

וואַנדערן זיי ווידער פאַרהונגערט און אין שרעק,
דער ים דאַכט זיך וויל זיי איינשלינגען.
מיט הענט געהויבן צו דעם רעטער אין דער הויך,
ער זאָל זיי ערגעץ־וואו בשלום ברענגען.

און עס וויגט זיך אַ טראָפּן פון לײדן אין ים,
ווער קען דען זייערע קרעכצן דערהערן.
ווען די וועלט איז איין חורבן פון לײדן און פּיין,
פאַרפלייצט ווערט יבשה פון טרערן.

איבער נאַכט ווערן מענטשן אין בעטלער פאַרוואַנדלט,
דער שונא — ער פרייט זיך צופרידן;
נעכטן קינסטלער און דענקער געווען
און היינט, — שטאָטלאָזע יידן.

מיט די לעצטע קרעפטן זיי בעטן ביי גאָט,
כאָטש די קינדער די ליבע צו רעטן!
זייער געבעט שלאָגט זיך אָפּ אָן אַ פעלזיקן שטיין,
עס העלפט ניט קיין וויינען, קיין בעטן.

די שיף ווערט אַלץ מידער מיט די מענטשן אויף איר,
זי קעמפט מיטן ים איינגעשפּאַרטן,
צו רעטן זיי רופט זיך קיינער ניט אָפּ,
מענטש און שיף דעם זעלבן גורל דערוואַרטן...

# קינדער פליכטלינגען

מיר זענען ווי פלאַנצן געוואקסן
אין גערטענער שיין און געראָטן.
האָט אונדז אַ גרויזאַמע האַנט אויסגעריסן,
אונדזערע לעבנס צעשטערט און צעטראָט

די טאַטעס און מאַמעס פאַרטריבן,
פאַרשפּאַרט זיי ווי שאָף אין די שטאַלן.
און מיר אויסגעריסענע פלאַנצן!
מיר וועלקן אָן זוניקע שטראַלן.

מען פירט אונדז אויף באַנען און שיפן,
אפשר צו לענדער צו פרייע?
און אין אונדזערע יונגע נשמות,
שוועבן געדאַנקען גאָר נייע.

אפשר וועט די זון דאָך דורכדרינגען
דורך דעם גראָ, פינצטערן לעבן,
מיט דער הילף פון די בעסערע מענטשן
אונדז ליכט און וואַרעמקייט געבן...

# אויף די גרענעצן פון פאַשיזם

מיט שאַרפע שטעכעדיקע דראָטן,
אין זיין קערפּער איינגעשניטן —
שטייט ער דאָרט ווי פאַרגליווערט,
און וועכטער בייזע, וואַכן, היטן.

איין לאַנד — אים טרייבט אַרויס,
דאָס צווייטע פאַרבאָט אַריין.
די שאַרפע דראָטן שניידן —
זיך טיף אין לייב אַריין.

עס רינט דאָס בלוט פון יידן,
עס שטראָמט אין אַלע זייטן;
קריצט־איין דער וועלט־געשיכטע,
אַ צייכן אויף לאַנגע צייטן.

פאַרשפּאָרט וועט זיין די פעלקער,
זייערע גרענעצן צו היטן.
אויף שטענדיק וועט פאַרבלייבן,
דאָס צייכן דאָרט אין מיטן.

און ווייט וועט ער זיך ציען —
אויף פילע טויזנט מיילן
און וועט זיך שטאַרק צעגליען,
אין פייערדיקע זיילן.

פלאַטערן וועלן די זיילן,
מיט ברענענדיקן צאָרן.
איך צוואַנציקסטן יאָרהונדערט,
פון „מענטש״ וואָס איז געוואָרן...

און דער פאַרגליווערט קערפּער
מיט אויסגעגלאָנצטע אויגן,
וועט ווי אַ מצבה בלייבן,
מיט דראָט אַרומגעצויגן.

אויף יענער גרענעץ־מצבה,
וואָס האָט פעלקער געזונדערט
וועט זיין מיט בלוט פאַרשריבן,
דער צוואַנציקסטער יאָרהונדערט...



די האַנט וואָס דריקט (האָלץ שניצונג)

# מיין פאָלק

דיינע לײדן וועט מיין ליד ניט אָפּשטעלן,
נאָר אָנפילן זי מערער מיט פּיין.
וואָס שטאַרקער דער דרוק, דאָס קוועלן,
דערפיל איך דעם ווייטיק אויך מיין.

וואָס שטאַרקער דער ווייטיק נעמט שטיקן
ווען טרערן זיי שטראָמען אַליין,
דאַן וויל איך מיין פאָלק צו זיך דריקן,
פאַר אים עפענען מיין האַרץ און מיין היים.

מיט נייער געזאַנג אים אויפנעמען,
מיט לידער פון ליבע און טרייסט.
איך דאַרף זיך מיט אים גאָר ניט שעמען,
זיין יחוס פון דורות איך ווייס.

זאָלן שעמען זיך הערשער ברוטאַלע,
וואָס האָבן זיין היים אים צעשטערט און
צעריסן.
די געשיכטע וועט באַשרייבן זיי אַלע,
אַלס מענטשן אָן קיין שום געוויסן.

אין מיין ליד וועל איך זיי ניט באַזינגען,
נאָר זיי פאַרשרייבן אויף אַ בלוטיקן בלאַט.
מיין וואָרט זאָל מיט צאָרן דורכדרינגען
די ווילדע אוממענטשלעכע טאַט.

# דער פּאָגראָם אין פּוילן

אין פרילינג פון 1936

נאָך אַ פרילינג מיט בלוט־באַפלעקטע פאַרבן,
די זון שיינט ווידער שוין אַרויס פאַרשעמט
קרבנות נייע, פאַלן ווי די גאַרבן,
און הערצער ווערן ווידער שוין פאַרקלעמט...

דער הימל איינגעהילט אין טיפן טרויער,
עס שפּרייט זיך פּחד איבער גאַס און שטאָט;
עס ווערט דאָס לעבן פינצטערער און גרויער,
און שטאַרקער די פאַרפאָלגונג און דער שפּאָט...

שוין ווידער פון געליטענע די טרערן פליסן,
עס בעטן אויסגעשטרעקטע הענט אין רוף;
קיין טרערן העלפן ניט דער וועלטס געוויסן,
ווען אַ ווילדע מחנה טרעפלט אונדזער גוף...

ערשט נעכטן נאָך אַליין געווען פאַרשקלאַפטע,
מיט קייטן אויף דער זעל, ווי אויף די הענט;
פיל דורות ביי דעם צאַר געווען פאַרהאַפטע,
און איצט דער האַס אַנטקעגן אונדז ביי זיי גאָר ברענט...

מיר האָבן זיי געהאָלפן זיך באַפרייען,
און אין זייער פרייהייט האָבן מיר געגלויבט ;
איצט צאָלן זיי מיט שימפן און מיט שפּייען,
און אונדזער רעכט און פרייהייט — אונדז באַרויבט...

אָבער מיר, אין פרייען לאַנד וואָס לעבן,
פילן אונדזערע ברידערס פּיין און וויי;
ניט אַ מאָלצייט דאַרפן מיר זיי געבן,
אַלץ וואָס מיר פאַרמעגן — טיילן זיך מיט זיי...

מיר דאַרפן קיין תּענתים ניט דערקלערן,
און קיין קרבנות ניט צו ברענגען זיי פאַר גאָט;
בלויז אונדזער ענטפער זאָל זיך העכער הערן:
אָ, שפּאָט צו די וואָס מאַכן פון אונדז שפּאָט!

אַ שטראָם פון הילף צו אונדזערע ברידער שיקן,
און אונדזער מיטגעפיל פון פרייען לאַנד,
ניט לאָזן וועלן מיר זיי דאָרט דערשטיקן,
און אָפּהאַלטן פון רויב און מאָרד די האַנט!

(די אָרטאָדאָקסישע יידן האָבן
אַלס פּראָטעסט אַ תּענית דערקלערט).

## די שיף אַקוויטאַניע

דיין ריזיקע ברוסט זוכט
אַ וועג פאַר זיך מאַכן,
דורך מעכטיקע כוואַליעס,
וואָס רוישן און קראַכן.

אין פאַנצער פון אייזן
מיט שטאָלענע פליגלען,
צושמעטערט די כוואַליעס,
ווי אייזערנע ריגלען.

און וואָס איז דער תּכלית
פון דיין קאַמף, פון דיין שטרעבן ?
צי ווילסטו דען העלפן,
אין קאַמף פאַרן לעבן ?

פאַרברידערן פעלקער,
אין איין שיינער וועלט ?
צי וועדסטו געטריבן,
פון מאַכט און פון געלט ?

דיין מעכטיקער קערפּער
צעטיילט איז אין קלאַסן,
די רייכע פון אויבן,
פון אונטן די מאַסן...

און די וואָס זיי אַרבעטן
בייטאָג און ביינאַכט,
פאַרמאַטערט פון מידקייט,
זיי ליגן פאַרשמאַכט...

זיי האָבן קיין ווערט ניט
און האָבן קיין רו;
זיי זענען פאַרשקלאַפט
פון געלט־זעק — ווי דו...

זיי גרייט, אַקוויטאַניע,
דו וועסט מיט דיין קראַפט
נאָך העלפן באַפרייען
די מענטשהייט, וואָס שאַפט...

# אַ באַזוך אין מיין שטעטעלע

אין ב. ס. ס. ר. אין 1928

אַלטע הייזעלעך מיט שטרויענע דעכער,
צערטלען, גלעטן דיינע אויגן;
און ביים טייכעלע וואָס שפּיגלט,
שטייען ווערבעס איינגעבויגן.

דאָרט אַ ווינט־מיל, קוים עס דרייט זיך,
ווי אַמאָל אין אַלטע צייטן,
און דאָס האַרץ, עס טאַנצט און פרייט זיך,
כ׳זע מיין שטעטעלע פון ווייטן...

דער זעלבער מאַרק, נאָר שטיל אָן האַנדל,
און די שטיבלעך טיפער זינקען;
נעבן ברונעם מידע פערדלעך,
פון אַ קאָרעטקעלע טרינקען.

און די מענטשן פול מיט ליידן,
אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן;
וואַרפן־צו מיר שטומע בליקן,
ווי מען שעמט זיך מיך באַגריסן...

כ׳פרעג זיך, אפשר איז אַ חבר,
ערגעץ וואו נאָך דאָ פאַרבליבן?
אָבער נויט און הונגער אַלע
האָט פון שטעטעלע פאַרטריבן.

כ׳בלייב פאַרצאָרנט און פאַרטרויערט,
טרערן רינען פון די אויגן;
איז דאָס טאַקע יענע שטעטל,
וו׳היך מיך האָט אַזוי געצויגן?

נאָך אַזוי פיל יאָרן טרוימען,
איז דאָס טאַקע שוין געשען?
ס׳בלייבט אין האַרץ אַ טיפער ווייטאָג,
כ׳האָב מיין שטעטעלע געזען. — — —

קליינע שטיבעלעך, שטרייענע דעכער,
מענטשן פול אַזוי מיט ליידן...
כ׳וואַרף מיין לעצטן בליק צום טייכל —
שווער דאָ בלייבן, שווער זיך שיידן...

# אירידיק

מיין שוועסטערס אייניקל

די באָבע האַלט איר אייניקל,
דער זיידע שמייכלט ליב;
דאָס קינד האָט פרייד און נחת
אַריינגעבראַכט אין שטוב.

זיין מאַמע איז אין לענינגראַד,
זי לערנט דאָרט פיאַנערן;
זיין טאַטע לערנט נאָך אַליין,
און קען זיך ניט דערנערן.

„אירידיק" איז זיי גאָר אין וועג
און ער גאָר שטערט זיי ביידן
זיי שיקן אים אין שטעטעלע,
צו באָבען און צו זיידן.

און פּלוצלונג איז אַ פעטער פון
אַמעריקע געקומען
פון זיידן, באָבען אירדיקן —
אַ בילדעלע גענומען...

באָבע, זיידע פרייען זיך,
מיטן גאַסט צוזאַמען;
שיקן „אירדיקן" אַוועק,
צו זיין טאַטע מאַמען.

אומעטיק אין שטיבעלע,
אָן אירדיקן געוואָרן...
דער פעטער איז צוריק שוין
אין אַמעריקע געפאָרן.

דער פעטער שיקט אַ בריוועלע,
צו באָבע און צום זיידן;
אַ בילדעלע פון אירדיקן,
און טאַקע פון זיי ביידן...

## כ׳געזעגן זיך מיט מיינע שוועסטער

סאָוועטן־פאַרבאַנד, אויגוסט, 1928

געטרוימט פילע יאָרן,
מיינע ליבע צו זען;
פון טרוים איז אַ ווערקלעכקייט
ענדלעך געשען.

אָט פאָר איך אויף שיפן —
אויף שטורמדיקע ימען;
אָט שניידן די וועגן,
די לויפנדע באַנען.

אָט נאָר וואָס געקומען
אַהיים, וואָס איז טייער,
און פאָרן שוין אָפּ ווידער,
אַהיים — צו דער נייער.

מיט טרערן פון פריידן,
אָט ערשט זיך באַגעגנט;
מיט הערצער צעקלעמטע,
זיך ווידער צעזעגנט.

כ׳טראָג זיך שוין ווידער
דורך וועלדער און טייכן,
עס ווילט זיך וואָס גיכער,
דעם ברעג שוין דערגרייכן...

מיט קלאַפּנדע הערצער,
מיינע ליבע דאָרט וואַרטן;
אָט קום איך צוריק שוין
פון נייעם צום אַלטן...

# פאָטער און זון ביים אַקער

אַ בילד פון ס. ס. ר. אין 1928

מיטן שווערן אַקער אין די הענט,
גייט ער נאָך אים טראָט נאָך טראָט;
מיט אַ תפילה אויף די ליפּן:
„שטאַרק מיר, העלף מיר גאָט!"

זיין זון נאָך גאָר אַ אינגל,
האַלט דעם פערדל ביי דעם צוים,
און מיט שטאָלצע טריט מיט גלייכע,
פירט ער אים אין גלייכן זוים.

די שטיקער ערד צעפּאַלן זיך,
ווערט דערוואַרעמט פון זון־שטראַלן;
ביידע האָבן ליב די אַרבעט,
פייגעלעך פון ווייטן שאַלן.

„מרדכילע, מוזט זיין שוין מיד,
שטעל זיך אָפּ אַ ווייל, מיין קינד;
זאָל דאָס פערדל אויך אָפּרוען,
טרייב אים ניט אַזוי געשווינדט".

און ער שטעלט דאָס פערדל אָפּ,
גלעט אים גוטמוטיק מיט שמייכל:
דאַכט זיך, נאָר אַ פערד און דאַך —
אויף צו רוען האָט עס שכל...

„— טאַטע, זאָג, צי איז דאָס אמת,
וואָס איך האָב אַמאָל געהערט,
אַז דאָרט ווייט אין די קאָלאָניעס,
דאַרף מען שוין ניט מער קיין פערד ?

מען זעצט זיך דאָרט אויף אַ מאַשינע,
און זי שלעפּט אַליין, און ציט,
און עס אַקערט און ס׳שניידט,
און מען ווערט ניט אַזוי מיד.

אָבער דאָ, ווי גרויס די פּראַצע,
און דערצו נאָך אַזוי הייס ;
מיר דאָ ביידע און דאָס פערדל,
ווערן איינגעטונקט אין שווייס.

ווען מיר האָבן אַ מאַשינע,
וואָס מען רופט עס טראַקטאָר — כ׳ווייס...
וואָלטן מיר דאָ און דאָס פערדל,
ניט געאַרבעט שווער, אין שווייס...״

„— מרכילע, יאָ, דו האָסט רעכט,
אָבער ס׳קומט ניט מיטאַמאָל ;
מ׳קען דעם הויכן באַרג ניט גרייכן,
ווען מען גייט ניט דורך דעם טאָל...

ווען אַלץ וועט אָט דאָ געראָטן,
און וועט גליקן אַ פּאָר יאָר ;
וועלן צוקומען נאָך פערדלעך,
און נאָך בהמהלעך אַ פּאָר.

גרינגער וועט דאָס לעבן ווערן,
פאַרגעסן וועלן מיר די נויט;
און ווען דאָס קאָרן וועט געראָטן,
האָבן מיר דאָך אייגן ברויט.

אָנקומען שוין מער ניט דאַרפן
דאָ צו לייען, דאָ אויף באָרג;
גרינגער וועט שוין זיין דאָס לעבן,
און אַוועק וועט דאַן די זאָרג.

אונדז איז איצט שוין אויכעט בעסער,
ווי די מענטשן אין דער שטאָט;
מיר קאָנען כאָטש אויף עפּעס האָפן,
אָן פאַראַכטונג און אָן שפּאָט...

יאָ, דער לעבן איז אַ שווערער,
דאָך אַן ערלעכער און פריי;
ווען די שוועסטער דיינע, ברידער,
וועלן אַרבעטן געטריי —

וועל איך ווינטער־צו באַשטעלן,
קליידער וואַרעמע פאַר אייך;
און אין שטוב וועט אויך זיין וואַרעם,
זענען מיר דאָך זאַט און רייך...

טרייב זשע, מרדכילע, דאָס פערדל,
מיר האָבן שוין גענוג גערוט;
און פאַרגעס אַן דער מאַשינע,
ס'מוז דערווייל אַזוי זיין גוט...

## קיעוו

קיעוו, די שטאָט אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד!
איך שיק דיר אַ גרוס און איך שטרעק דיר מיין האַנט;
דו האָסט מיך פֿאַרטריבן אַמאָל אַלס אַ קינד,
דיין שולד ניט געווען, כ׳פֿאַרגיב דיר די זינד.

דו ביסט דאָך איצט פריי, פֿאַר דעם ייד, ווי דעם רוס —
איך שיק דיר דערפֿאַר איצט מיין האַרציק גרוס;
מיין גרוס דיינע גאַסן, וואו איך האָב שפּאַצירט,
איך האָב מיט דיין שיינקייט אַמאָל נאָך שטאָלצירט.

ווען כ׳האָב זיך פֿאַרקליבן אין „קופּעטשיסקע סאַד״,
געקוקט צום „פּאָדאָל״ אַזש ביז „קאָפּנערס״ באַד;
פֿון אונטן עס שפּיגלט דער דניעפּער, דער טייך,
וואָס שווימט צווישן לאַנדשאַפטן ליכטיק און רייך...

די הייליקע קלויסטערס, ניט הייליק איצט מער,
איך בענק ניט נאָך זיי און פֿאַרגיס ניט קיין טרער,
ווייל דאָס קלינגען פֿון זייערע גלאָקן,
טויזנטער הערצער, זיי האָבן געשראָקן...

„אָבלאַוועס״ אויף יידן כ׳וועל קיינמאָל פֿאַרגעסן,
זיי האָבן אין זכרון זיך גוט איינגעגעסן...
ניט איין מאָל אין מיטן דער נאַכט מיך געפֿאַנגען,
אין צירקל, האַלב נאַקעט מיט זיי מיטגעגאַנגען...

און איצט, ווען איך דענק, אַז דו ביסט איצט פריי,
ס׳אַלטע צעבראָכן, און אַלץ איז איצט ניי...
אַז לעבן דער „דומע״ איז מער ניט פאַראַן,
קיין דענקמאָל, פון סטאַליפין, דעם גרויסן טיראַן...

קיין שפור פון טיראַנען אין גאַסן און פּאַרקס —
איצט הויבט זיך דאָרט הויך די סטאַטוע פון מאַרקס.
צעשמעטערט איז איצט דער צאַרישער טראָן,
אָנשטאָט דעם אָדלער — די סאָוועטישע פאָן.

קיין גלאָקן עס קלינגען און שרעקן ניט מער...
געטרייקייט, מיין קיעוו, צו דיר איצט איך שווער!
מיין האַרציקסטן גרוס דיר פון ווייט ווייטן לאַנד!
איך שטרעק מיט פאַרערונג, צו דיר אויס מיין האַנט...



מיין ברודער לייב (האָלץ שניצונג)



מיין ברודער יצחק (האָלץ שניצונג)

# צו דער אויפדעקונג
# פון מיין ברודער יצחקס מצבה

ברודער !

שוין אַ יאָר, אַז דו ליגסט אין דיין
אייביקער רו —
אונדז אַלעמען האָסטו פאַרלאָזן.
און דער איינציקער פּלאַץ דיך צו
געפינען וואו —
איז אין אַ פעלד פון בלעטער און גראָזן.

וואו די זון שיינט בייטאָג, די לבנה
ביינאַכט —
דיין צודעק מיט שטערן און וואָלקנס באַצירט.
אַ שווערע מצבה דיך שטענדיק באַוואַכט.
מיט שטילע טריט דער ווינט דאָ שפּאַצירט.

דו ביסט שוין דאָ זומער און ווינטער געווען —
די נאַטור דו פלעגסט דאָך אַזוי ליבן.
אין פאַרשיידענע קליידער דו האָסט זי געזען,
און אויף שטענדיק מיט איר דאָ פאַרבליבן.

דו פלעגסט דאָך באַזינגען די נאַטור
אזוי שיין —
דו האָסט זי פאַרגעטערט און באַוואונדערט.
איצט וויגט זי דיך אין איר שויס ווי אַ
קינד אירס אַ קליין,
פון אונדז האָט זי דיך אָפּגעזונדערט.

זי זעטיקט דיך אָן מיט ליכט און מיט לופט —
זי פאַרוויגט דיך אין רו און אין פרידן —
און שפרייט אַרום דיר אַ בלומיקן דופט,
דו רוסט איצט פון לעבן דעם מידן.

און היינט זענען אַלע געקומען צו דיר —
מיר פלעגן אַלע דיך אַכטן און ליבן.
אַלס מתנה געבראַכט האָב איך דיר אַ שיר,
פון טרערן און טרויער געשריבן.

דו פלעגסט אַזוי גערן זיין הערן מיין ליד,
און איך פלעג מיט פרייד פאַר דיר זינגען.
אויך איצט וואָלט איך קיינמאָל ניט ווערן
מיד —
ווען מיין ליד וואָלט צו דיר דורכדרינגען.

מיר זענען געקומען צו דיר אַלע היינט,
אַלס צייכן פון ערע און ליידן,
דיין פרוי און קינדער, ברידער און פריינט,
אויך אייניקלעך צום טייערן זיידן.

מיט אַן אייביקן אָנדענק, דיין קבר באַצירט,
אויף שטיין דיין ליבן נאָמען פאַרשריבן.
דיין קערפער בלייבט דאָ פון קיינעם
באַרירט —
דיין גייסט אָבער איז מיט אונדז פאַרבליבן.

דו ביסט אונדזער וועג־ווייזער שטענדיק געווען,
האָסט אונדז געעפנט צו יושר די טירן.
אין דיר אונדזער פירער מיר האָבן געזען,
דיין גייסט וועט אונדז אויף ווייטער אויך פירן.

היינט שטייען מיר פאַר דיר מיט
געבויגענע קעפּ —
און ערן דיין הייליקן אָנדענק.

# אַ חנוכה־מעשהלע

פון ווייס־רוסלאַנד אין יאָר 1886

אין אַ דערפל שטייט אַ שטיבל
ווייס מיט שניי באַשאָטן,
און אין שטיבל אַ געזינדל,
מיט קינדערלעך, געראָטן.

זינגט דער ווינט אַ ליד אין קוימען,
מאָלט מיט פראָסט די פענצטער;
און די מאַמע ליגט אין קימפעט:
מיט איר קינד דער קלענסטער

עס איז חנוכה געווען דאַן,
אין דעם טאָג דעם דריטן;
זיצט דער טאַטע ביי דעם פענצטער,
און דערוואַרט אַ שליטן.

ווישט ער אָפּ דעם פראָסט פון שויבן,
צו קענען בעסער זען;
און אין האַרצן אַזאַ אומרו,
וואָס האָט געקענט געשען?

דער עלטסטער זון, זיין ליבער יצחק, —
שוין חתונה געהאַט ער,
אין שטאָט געפאָרן נאָך אַ מוהל,
און דאַרף אַליין זיין קוואַטער.

איינגעשפּאַנט דעם פערד, דעם ווייסן,
אין דעם גרויסן שליטן;
און אַליין זיך איינגענורעט,
אין די היי אין מיטן.

ס'האָט געברענט דער פראָסט, געסמאַליעט,
צו אָטעמען פאַרהאַלטן;
ער האָט דאָך ניט געקענט פאַרבלאָנדזשען,
ער ווייסט דעם וועג, דעם אַלטן.

דער שניי פון ווייטנס האָט געפינקלט,
דער שליטן האָט געסקריפּעט,
און דער פערדל שוין פאַרמאַטערט,
קוים ער האָט געזשיפּעט...

אין ווייסן שניי אַן איינעהילטע,
האָט שטעטל זיך באַהאַלטן;
לויפן מענטשן אין די גאַסן,
פון קעלט זיך צו באַהאַלטן.

פון די שניי באַדעקטע דעכער,
שטעקן קוימענס גרויע;
פון זיי פראַלן רויך, אין רינגען —
שוואַרצע, העלע, בלויע...

אָפּגעשטעלט זיך ביי אַ שטיבל,
אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל;
שטייט ר' לייזער ביי דעם פענצטער,
מיט זיין גרויען בערדל.

האָט ר' לייזער אים באַגעגנט
מיט אַ שלום עליכם אַ ברייטן;
און ער האָט זיך באַלד גענומען,
אין וועג אַריין צו גרייטן.

דער ווינט האָט זייער שטאַרק געבלאָזן,
און דער שניי געפלויגן;
אָבער די וויכטיקע נסיעה,
האָט מען ניט געקענט אָפּלייגן.

זיצט ר׳ לייזער טיף אין שליטן,
יצחק טרייבט זיין פערדל;
פאַלט דער שניי אַלץ מער און שווערער,
אין וועג באַלד נאָכן וועלדל.

לויפט דאָס פערדל אָן אַן אָטעם,
אין גלייכן פעלד פאַרפאָרן;
זאָגט ער, יצחק, צו ר׳ לייזער;
„מיר האָבן דעם וועג פאַרלאָרן״:

און ער שפּרינגט אַרויס פון שליטן,
קוקט פון אַלע זייטן;
צוליב דעם שניי, וואָס איז געפאַלן,
זעט מען ניט פון וויטן.

דער שניי־שטורם האָט יעדן סימן
פון דעם וועג פאַרטראָגן;
שלעפּט זיך יצחק מיט זיין פערדל,
וואוהין די אויגן טראָגן...

זאָגט ר׳ לייזער הויך אַ תפילה
און איז שטאַרק פאַרפרוירן;
ס׳איז די נאַכט שוין אָנגעקומען,
און זיי פאָרן, פאָרן.

ניט פאַרלאָרן האָט זיך יצחק.
ער זוכט דעם וועג דערקענען;
אָט דערזעט ער, דאַכט זיך, נאָענט,
אין פענצטער פייערן ברענען...

איי, ר׳ לייזער, האָט קיין אַנגסט ניט,
כ׳זע שוין אונדזער שטיבל;
איר זענט געוויס איבערגעפרוירן,
האָט ניט קיין פאַריבל!

אין הויז עס זיצן אַלע פאַרזאָרגטע,
וואָס האָט געקענט פּאַסירן?
אַ געדאַנק האָט זיי געשראָקן, —
חלילה, ניט פאַרפרירן.

אָבער באַלד זאָגט אָן דער טאַטע:
„אַ שליטן איז געקומען!"
און מיט פרייד עס האָבן אַלע,
די געסט ליב אויפגענומען.

ס׳איז שוין האַלבע נאַכט געוועזן,
ס׳קינד האָט שטיל געזויגן;
און ר׳ לייזער האָט באַשלאָסן,
דעם ברית ניט אָפּצולייגן.

און ווי נאָר ער האָט זיך דערוואַרעמט,
שוין געווען צופרידן;
דער טאַטע „סאַנדיקע" געוועזן,
ביי דעם נייעם יידן...

פריילעך ברענט דאָס האָלץ אין אויוון,
ס׳פליען פייער פונקען;
די קליינע קינדער רואיק שלאָפן,
און לייזער, האַלב באַטרונקען —

כאַפּט אַ דרעמל ביי אַ ספר,
דער טאַטע האַלט אים אונטער;
און דער ווינט האָט זיך צעזונגען,
פריילעך, שטאַרק און מונטער...

דער יונגער יצחק איז צופרידן,
אַ מידער איינגעשלאָפן;
ס׳האָט דאָס קינד געבראַכט אין שטיבל,
נייעם גלויבן, האָפן...

# אַ בוימעלע

(פון מיינע קינדער־יאָרן)

אַן עלנט־קליין בוימעלע —
איז געוואַקסן שיין און גלייך,
אין מיין ליטוויש שטעטעלע
ביים שפּיגלדיקן טייך.

עס האָט דער ווינט געבויגן אים,
די בלעטעלעך געגלעט,
אָפט האָט עס צוגעוואונקען מיר,
ווי ס'וואָלט צו מיר גערעדט:

קום און זעץ זיך לעבן מיר
ביסט עלנט אויך און קליין;
ס'וואַסער, הער, עס מורמלט דאָ
ווי ליבלעך, און ווי שיין.

ניין, זאָג איך, צום בוימעלע,
דו קום בעסער גאָר מיט מיר!
פאַרפלאַנצן דיך אין גערטעלע,
ניט ווייט פון אונדזער טיר.

איך וועל דיך היטן ווי אַ קינד
וועסט בליען דאָ, אַ פּראַכט;
און איך וועל וואַכן איבער דיר,
אין פינצטערניש פון נאַכט.

פון מיין ברודערס שטיבל — דו וועסט
הערן האַרציקן געזאַנג;
ווי אַזוי עס זינגען נויטערינס,
פון אומעט און פאַרלאַנג...

זיי זיצן דאָרט און נייען לאַנג,
האָבן קיינמאָל ניט קיין צייט;
צום טייכל זעלטן קומען זיי —
ווייל ער איז פון זיי צו ווייט...

זיי נייען און זיי זינגען צו,
און בענקען אָן אַ שיר;
דערפרייען אויך די נייטערינס
וועלן זיכער זיך מיט דיר...

דו וועסט די צווייגן אויסשטרעקן,
דו וואָלסט טרייסטן זיי געקענט;
זיי וועלן גלעטן דיינע בלעטעלעך,
מיט מידע אַרבעטס־הענט.

פון מיין שטיבל, פון סטאָליארנע,
וועסט הערן זעגט די זעג;
דאָרט פאַרברייינג איך מיינע יאָרעלעך
און מיינע נעכט און טעג...

און אויך מיין ברודער אַרבעט דאָרט,
צו פאַרדינען זיך זיין ברויט;
דאָרטן אַרבעטן פיל אינגעלעך,
אין אָרימקייט, אין נויט.

און מיר זעגן און מיר הובליעווען
פון פרי ביז שפעט ביינאַכט;
אָפט קומט אַ רייכער פריצל,
די אַרבעט ער באַטראַכט.

באַטראַכט די שטולן, טישן, בענק,
געפּוצט מיט אונדזער גאַל!
זיי שטייען ביי די פּריצים,
דאָרט אין אַ רייכן זאַל.

מיר, אינגלעך, זעגן, הובליעווען,
און אַרבעטן גאָר שווער;
מיר זינגען לידער אין דער שטיל
און אָפט באַגלייט אַ טרער...

אויך די אינגלעך וועלן זיכען דאָך
דערפרייען זיך מיט דיר;
וועסט אַריינקוקן אין פענצטערל,
באַוואַכן אונדזער טיר.

דו ביסט דאָך אויכעט עלנט דאָ,
די טעג און נעכט דיר גלייך,
דער ווינט דיר שטענדיק ברומט און בלאָזט
און עס מורמלט בלויז דער טייך...

אונדז אָבער, וועסטו ברייננגען דאָך
אַזוי פיל גליק און פרייד,
פּאַר דיינע גרינע בלעטעלעך —
דיך בענטשן שטילערהייט...

וועסט וואַקסן, און וועסט בליען,
און ווערן שיין און גרויס
— — — — — — — — — — — — —
און דאַן האָב איך פאַרפלאַנצט מיט פרייד
דעם בוים ביים ברודערס הויז...

## פון קינדער־יאָרן

איך בין נאָך דער אַרבעט
אַהיים ניט געלאָפן,
געוועזן איז שוין שפּעט דאַן
און צייט געוועזן שלאָפן.

קיין היים סיי־ווי־סיי,
האָב איך ניט געהאַט,
און אויך ניט געגעסן
ביים מייסטער צו זאַט.

אויפן וואַרשטאַט אין סטאָליאַרנע,
געוועזן איז מיין בעט.
דער צודעק — מיין מאַנטל,
פון אונטן — אַ ברעט...

מען האָט דאַן די צייט ניט
געמאָסטן, געוואויגן,
דער טאָג האָט זיך לאַנגזאַם
אַן אויפהער געצויגן.

דער מייסטער פלעגט וועקן,
מיט טומל און זאָגן:
„חברה, שטייט אויף שוין,
עס הויבט שוין אָן טאָגן!"

כ'פלעג אויפשטיין אַ מידער
פון נאַכט נאָך געטראָגן,
און אַרבעטן לאַנג נאָך,
ביז אין פענצטער פלעגט טאָגן.

דער ברענענדער פראָסט האָט,
געברענט און געפראָרן, —
געמאָלן די פענצטער,
מיט ווייסע אוזאָרן...

און די באַלעבאָסטע,
גייט אום אַ פאַרזאָרגטע, אַ בייזע,
דער טייג איז פון קעלט גאָר
פאַרפרוירן אין דייזע...

זי שעלט מאַן און קינדער,
איר שווערע מערכה!
„נאָך פרעמדע אויף קעסט גאָר,
אַחוץ איר משפּחה!״

דאָך קנעט זי פון טייג אויס
האַלב־לענגלעכע „חאַלקעס״;
ניטאָ איז קיין ברויט נאָך,
זאָל זיין כאָטש „פּאָדפּאָלקעס״..

זי ווערט שוין גוטמוטיק
איר גייט אָפּ דער כעס,
און עסן עס ווילט זיך
עס גייט אויס דאָס חיות!

די ערשטע די קינדער
דערלאַנגט זי דאָס עסן,
און אונדז אין סטאָליאַרנע,
ווי זי וואָלט פאַרגעסן...

דערווייל איז דאָס ברויט שוין
„געזעסן" אין אויוון,
די לאַבנס געוואַקסן,
אַזוי ווי אויף הייוון...

כ'ווייס ניט ביז היינט נאָך,
ווי אַזוי ס'איז געשען?
כ'האָב אויף מיין וואַרשטאַט,
אַ הייס ברויט דערזען...

„איי חברה, אָ, הערט נאָר,
מאַכט גיכער אַ וואַרע!
אָט זעט נאָר דעם גאַסט דאָ,
עס גייט אַזש אַ פּאַרע!"

באַלד האָבן אים חברה,
דאָס ברויטל, צעריסן!
געשלונגען אין שנעלקייט,
אַ ביס נאָך אַ ביסן.

די באַלעבאָסטע אַ בייזע,
האָט געשטראָפט און געבעטן;
ס'האָט אָבער דאָס ברויטל,
שוין ניט געקאָנט רעטן...

# צום ערשטן מאָל אין אַן
# אָבלאַווע אין קיעוו

אין צאַרן לאַנד

כ׳האָב באַזוכט צוויי שוועסטער מיינע
אין אַווינטער־אָוונט, קאַלטן;
געוואוינט זיי האָבן אין אַ צימער,
אין אַ קליינעם, אַלטן.

געליבט האָב איך מיין שוועסטער פאַניע
ווייל זי פלעגט אויף מיר אויפפּאַסן;
פלעגט פאַרלאַטן מיינע קליידער,
אויך מיינע העמדער וואַשן.

אָבער ס׳איז ניט אַזוי גרינג,
אויף אַ מענטשן עפּעס נייען;
פלעגט זי מיר זיך הייסן אויסטאָן
און אַליין זיך וואו פאַרדרייען...

איך פאָלג זי גלייך, אין אַ מינוט
איך וואַרף אַראָפּ פון זיך די שמאַטעס;
כ׳זיץ דערווייל אין בעט און וואַרט,
ווען די שוועסטער נייט די לאַטעס...

און מוטערלעך, זי פרעגט,
צו איך האָב שוין אָפּגעגעסן?
צו איך אַרבעט זייער שווער?
און שבת קומען — ניט פאַרגעסן!

באַלד קומט אויך מיין שוועסטער ראָזע,
„אָ, ס'איז יענקעלע שוין דאָ?"
„שוועסטער זע, אַרומגעריסן,
כ'דאַרף נאָך נייען אַ פּאָר שעה!"

אויך זי נעמט זיך צו דער אַרבעט,
שלעפּט אַראָפּ פון מיר דאָס העמד;
און פאַרדעקט מיר מיט דער קאָלדרע,
און פּאַטשט מיך שטיפעריש מיט די הענט.

כ'בין אַ מידער איינגעשלאָפן
און איך כאַפּ זיך אויף מיט שרעק;
פרעמדע שטימען הער איך ריידן,
פּאָליציי מיך וועקט און וועקט...

מיין שוועסטער פּאַניע שטייט דערשראָקן
שוועסטער ראָזע זע איך ניט;
מיר באַפעלט מען שנעל זיך אָנטאָן,
נעמען מיך אין „צירקל" מיט.

און מיין שוועסטער וויינט פאַרביטערט:
„אָ, וואָס האָבן זיי צום קינד?"
כ'הער אין דרויסן איר געוויין נאָך,
אויפגעכאַפּט פון קאַלטן ווינט...




„עטאַפּ“ (געצייכנט פון ל. ברעסלאָוו)

# מיטן עטאַפּ

(ערינערונגען פון צאַרן־לאַנד)

אויפן שאָסיי, דעם ווייטן, ברייטן,
הערט זיך קלאַנג פון פילע קייטן,
שווער געשמידט אויף פיס און הענט, —
און די זון, ווי פייער ברענט.

און עס פירן זיי פּאַטרולן
שווערד און ביקס — געווער אין פולן.
די „פּאַרברעכער" זיי באַוואַכן,
מיט אַ חוצפּהדיקן לאַכן.

די „פּאַרברעכער" וואוילע בנים,
פון עכטע רוסישע יחסנים,
פון דער „מאַכט" דאָרט אומצופרידן...
צווישן זיי אַן וואוינרעכט — יידן.

און רויבער, מערדער, אַפעריסטן,
פאַרמשפּט קיין סיביר, דעם וויסטן,
געשלאָסן אַלע אין די רייען,
אין אַ וואָגן אויך אַ פּאָר פרויען.

געבראַכט צום באַן אין שווייס געבאָדן,
דריי וואַגאָנעס אָנגעלאָדן...
טירן, פענצטער, הויכע גראַטעס,
צו היטן די בובנאָווע לאַטעס...

ס׳קלינגען גלעקער צום באַגלייטן,
מען טוט שוין אויס פון הענט די קייטן;
אַ קאָמאַנדיר מיט אַ פּאַרטפעל,
שרייט אויס הויך אַ באַפעל!

ס׳לויפט די באַן אין ווייטע וועגן,
אַ פרישער ווינטל קומט אַנטקעגן...
אין הינטערגרונט איז שוין פאַרבליבן,
די שטאָט פון וואו איך בין פאַרטריבן.

די שטאָט מיט קלויסטערס, גאָלדנע קעפּ,
און הייליקע מיט לאַנגע צעפּ,
וואו יידן האָבן ניט קיין פּראַווע,
מאַכט מען ווי אויף הינט אָבלאַווע.

## דינג... דינג... דינג...

כ׳בין אַ פריילעך יידעלע —
דינג... דינג... דינג...
טראָגט זיך הויך מיין לידעלע,
זינג... זינג... זינג...

לויף איך צו דער אַרבעט ווייט —
דינג... דינג... דינג...
ווען קיין אַרבעט איז ניטאָ,
זינג... זינג... זינג...

ווען איך שטיי ביי דער מאַשין —
דינג... דינג... דינג...
רעדער, רעדער דרייען זיך,
זינג... זינג... זינג...

קלאַפט מיין האַמער אויפן שטאָל,
דינג... דינג... דינג...
פונקען פליען אין דער הויך,
זינג... זינג... זינג...

ווען עס פעלט צו עסן אויס, —
דינג... דינג... דינג...
ווען פון דירה מען וואַרפט אַרויס,
זינג... זינג... זינג...

# יאָרן קומען יאָרן לויפן

צום נייעם יאָר

אַך, פאַרגאַנגענע, איר יאָרן,
איר זייט מיר אַזוי ליב,
ווי שיינע, העלע טרוימען,
איר פליט אַרויס פון שטוב.

אייער קומען האָט געבראַכט מיר
די האָפענונג און לוסט;
דאָס שיידן לאָזט מיר איבער,
בלויז אומעט אין מיין ברוסט.

וואוהין דאָך לויפט איר, יאָרן,
וואָס איילט איר זיך געשווינד!
איר ווילט דען וועם דעריאָגן,
אַך, אפשר גאָר דעם ווינט?...

צי קען איך זיין היינט פריילעך,
און חלומען פון גליק,
ווען שענסטע יאָרן שווינדן,
און קומען ניט צוריק...

# אומרו

אומרו מיינער ווארום שלאָפסטו ניט איין ?
אין שטילקייט פון נאַכט דו הערסט זיך נאָר איין ?
דערווייל לויפט אַריבער אַ שעה נאָך אַ שעה,
דו האָסט ניט געשלאָפן, דער טאָג איז שוין דאָ.

די טעג זענען שווערע, זיי ציען זיך לאַנג.
קיין איינציקע רגע ניט רוט דער געדאַנק.
ביסטו דאָך צופרידן, ווען ס׳קומט אָן די נאַכט,
דו ליגסט דאָ מיט אָפענע אויגן, פאַרטראַכט...

אין לויפנדע שעהן דערוואַרטסטו אַ טרייסט ?
וואָס די קומענדע שעה וועט ברייגנען — ווער ווייסט ?
דער זייגער שלאָגט אויס אַ שעה נאָך אַ שעה,
דער טאָג איז געקומען, קיין ענטפער ניטאָ...

# אָ, לאָזט מיך רוען

ווען דער פייער ווערט פאַרלאָשן
און איך פאַל אַנידער מיד,
און עס ווערן שטיל די קלאַנגען
פון מיין אומעטיקן ליד —

דאַן לאָזט מיך רוען, גוטע מענטשן,
פאַר לאַנגער, לאַנגער, צייט!
בלויז אין טרוימען קאָן איך שוועבן,
צו גרייכן וואָס ס'איז ווייט...

בלויז אין טרוימען קאָן איך מאָלן,
אַ פאַרגאַנגענהייט פון גליק,
און אין טרוים אויך אויף מיין צוקונפט,
געבן פון דער ווייט אַ בליק.

# אין שאָטן פון נאַכט

שוואַרצע שאָטנס, הויך און לאַנג,
אין דער שטילקייט פון דער נאַכט.
ווען ניט ווען, אַ שוואַכער קלאַנג,
ערגעץ־וואו נאָך עמיץ וואַכט.

דער הימל שלאָפט אין בלויען רוים,
מיט שטערן פיל אַרום באַוואַכט;
פעלדער סודען זיך אין טרוים,
ס׳שטייט דער וואַלד, פאַרטיפט, פאַרטראַכט.

זאַנפטער דופט פון גראָז און בלום,
מער און מער זיך ווייט פאַרשפּרייט;
טרוימען ברענגט פאַר אונדז די נאַכט —
גליק פון רו, און שטילע פרייד...

# דיין קול

אין מיין טיפן אומעט
האָב איך דיין קול דערהערט:
„זיי מונטער, ליבער פריינט,
איך שעץ אָפּ דיין ווערט!

הויב אויף דיין מידן קאָפּ,
וואָס איז אַזוי געבויגן;
די וועלט איז אַזוי שיין,
ברייט עפן דיינע אויגן...

און ווילסטו לידער זינגען
זאָל דיך קיינער שטערן;
שטאַרקער דיינע קלאַנגען,
זאָלן ווייט זיך הערן...

זאָל דער ווינט זיי טראָגן
די פינצטערניש דורכרייסן;
עס וועט דיין פרייד אָנקומען,
מיטן טאָג דעם ווייסן...

איך הער מיין פריינט, דיין רופן,
דו ברענגסט מיר טרייסט און לידער;
דאָך בלייב איך איינגעשלאָסן,
און זינג מיין ליד אַ מידער...

# דער געהיימער רוף

אַ געהיימע שטים הער איך רעדט צו מיר
איך הער זי אַזוי דייטלעך, ביי מיין פענצטער, טיר:
ערוואַך, דו ליבער טרוימער, עפן דיין געצעלט!
קום, דו האָסט נאָך ניט געזען אונדזער שיינע וועלט.

דיין יוגנט איז אַוועק אָן צערטלעכקייט, אָן גליק,
פאַרשפאַרט ווי אין אַ תפיסה, געוועזן אין פאַבריק.
דיינע בעסטע יאָרן זענען באַלד צו ענד;
וואַרטסטו אויף דער עלטער, לאָזט אַראָפּ די הענט?

כ׳הער זיך איין צום רוף, וואָס קומט וואו פון דער שטיל,
און פילט מיר אָן מיין וועזן מיט אַ זיסן טריל...
איך האָב קיין מאָל ניט געענטפערט אויף דעם שטילן רוף
ווער איז די געהיימע קראַפט, וואָס רעגט מיך אַזוי אויף!

איז דאָס דער ליבער זומער, וואָס די נאַטור צעבליט?
די בענקנדע נשמה, צעפייערט און צעגליט...
איז דאָס דער שיינער פרילינג, וואָס קומט מיט זיין געזאַנג
מיט זיינע צויבער טענער, וואָס וועקט אין מיר פאַרלאַנג?

און אפשר איז דאָס האַרבסט, מיט רעגן, שטורעם, ווינט?
ער קלאַפּט שוין אין מיין טיר, זאָגט אָן אַז ווינטער קומט.
כ׳הער זיך צו דעם איין, און שאָקל מיט מיין קאָפּ.
זיי אַלע מיך פאַרפירן, זיי אַלע נאַרן אָפּ...

# שטורם ווילדער שטורם...

שטאַרקער, שטאַרקער, שטורם ווילדער,
רייס מיין פענצטער, רייס מיין טיר;
ברויז אויף מיינע הייסע בלוטן,
רייס מיין האַרץ אַרויס פון מיר!

פאַר דיין שפּילצייג אויסגעקליבן,
האָסטו מיך אָן ווידערשטאַנד;
נעם מיך אויף די פליגלען דיינע,
טראָג מיך ווייט אין צויבער־לאַנד...

כ׳שרעק זיך מער ניט פאַר דיין צאָרן,
פאַר דיין ברויזנדיקע קעלט;
אין דיין ברויזן, אין דעם בייזן,
הער איך ווי עס זינגט די וועלט...

# איך וועל

איך וועל דורך טרערן מער ניט זינגען
פון פאַרלוסט, און ניט פון זיג;
איך וועל קיינעם מער ניט צווינגען,
נעמען אָדער געבן גליק.

איך וועל איינצאַמען מיין ווילן,
ווערן מעג דאָס האַרץ צעריסן;
איך וועל שטילן די געפילן,
ווען זיי זוכן צו געניסן...

איך וועל מער קיין רו ניט זוכן,
אין ליבע־טרוימען זיך ניט וויגן;
איך וועל ניט שעלטן, כ׳וועל ניט פלוכן,
און מער ניט וועלן דיך באַזיגן...

דו וועסט פאַרשווינדן ווי דער טאָג,
כאָטש איך וועל דיך ניט פאַרטרייבן...
מיט מיין טרויער, וואָס איך טראָג,
וועל איך אין דער שטיל פאַרבלייבן...

## די זון פון פרייד

ווייט איז שוין פאַרגאַנגען,
די זון פון פרייד פאַרביי;
אַליין בין איך געפאַנגען
אין בענקשאַפטס טרוימעריי...

שיין זענען זיי די טרוימען,
וואָס גרייכן קען איך ניט,
וואָס מאַכט די האַרץ צו קלאַפּן,
און אומרואיק — דאָס געמיט.

עס איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן
די ליבע שיינע צייט,
איך שטרעק־אָן מיינע בליקן,
אַהין אין ווייטער ווייט.

אפשר איז אַ שטראַל נאָך,
פאַרבליבן אויך פאַר מיר;
אפשר קלאַפּט אַ האַרץ וואו,
ביי אַן אָפן טיר...

מיר דאַכט אין ווייטער ווייטקייט,
עס טרילט אַ ליד איך הער —
און אין ליבע אויגן,
נאָך גלאַנצט פאַרבענקט אַ טרער...

און אפשר גאָר קיין טרער ניט,
נאָר טוי אויף שיינער בלום?
איך זע זיי אין מיין חלום,
איך זע זיי אומעטום...

## ליכט און שאָטן

אין דעם זוניקן פרימאָרגן,
פאַלט אַ שטראַל אויך אויף מיין טיר.
און פאַרשוואונדן ווערן זאָרגן,
ווען דער שטראַל דערגרייכט צו מיר.

און ווי מילד ער גלעט און וואַרעמט,
היילט די ווייטאָגדיקע ברוסט;
ווי מיט צערטלעכקייט געאַרעמט,
איך דערפיל אַ פרייד און לוסט...

כ׳גיי אַרויס דעם שטראַל באַגריסן,
איילט ער זיך וואו ערגעץ גיין;
כ׳קען פון אים ניט לאַנג געניסן,
כ׳בלייב צוריק אין שאָטן שטיין...

# אויף מיין קראַנקן בעט

שוואַך עס ברענט דאָס לעמפּעלע
ביי מיין קראַנקן בעט;
אַלץ אַרום אַזוי געהיים,
אין דער שטילקייט רעדט.

בלויז ווען עמיץ קומט אַריין —
די שטילקייט ווערט צעשטערט;
גיט דאָס האַרץ אַ פּלאַטער־אויף,
און שטיל שוין ווידער ווערט.

שוועבט מיין בליק פון בילד צו בילד,
וואָס הענגען אויף די ווענט;
יעדעס בילד דערציילט מיר וואָס,
עס איז מיר גוט באַקאַנט.

אַ בילד מיט בלומען ווינקט צו מיר
און גלעט מיר מיין נשמה;
זי געמאָלן האָב איך דאָך, —
מיין טאָכטער אַ מתנה

און אָט אַ ביוסט פון זיך אַליין
געקלעפּט אין פרייע שטונדן;
דער ביוסט דערציילט געשיכטעס פיל,
מיט לעבן מיינס פאַרבונדן...

געוועזן צופרידן איז מיין פרוי
זי האָט פון דעם געקוואָלן;
דערפאַר האָב איך צו מוטער־טאָג,
איר בלומען אויסגעמאָלן...

און נאָך אַ בילד דאָרט פון די בערג
געמאָלן אויף וואַקאַציע;
דאָס בילד האָט מיר דאָרט געמאַכט,
אַ שלעכטע רעפּוטאַציע...

און נאָך איינע אַזוי באַאיוו
פאַרשטעלט פון אַ פּאָר בוימער;
אויסבאַהאַלטן זיך געוואָלט,
אַז ניט זען זאָל קיינער...

און יענע דאָרטן אָן דער זייט
האָט זייער פיל צו זאָגן;
די שיינקייט פון נאַטור אַרום,
מיין האַרץ געמאַכט האָט שלאָגן...

און אַזוי איך ליג אין בעט
פאַרגעס אָן וויי און זאָרגן;
מיט האָפענונגען אָנגעפילט,
דערוואַרט איך שוין דעם מאָרגן...

# אַ שלעכטער חלום

אין הימל הערט זיך אַ גערודער,
געזען האָט גאָט אַ שלעכטן חלום,
די קינדער קריגן זיך שוין ווידער,
ניטאָ צווישן זיי קיין שלום.

אויף זיין שנעלן רוף עס קומען
אַלע זיינע סעקרעטאַרן;
אויך באַפליגלטע מלאכים,
פון די הימלישע בודואַרן.

געהאָרכזאַם אַלע און דערשראָקן,
גרייט באַפעלן דורכצופירן,
קלאַפּן דונערן און בליצן,
אין די פענצטער אין די טירן.

אויך געקומען איז צולויפן
פון אַלע גרויזאַמסטע דער גרעסטער;
„מאַרס״ דער גרויסער קריגס־מיניסטער,
גאָטס געטרייער קנעכט, דער בעסטער...

האָט דער שטילער מלאך, „פרידן״,
גענומען זיך פאַר גאָט באַקלאָגן
אויף די הערשער פון דער ערד;
מ׳קען פון זיי ניט איבערטראָגן...

פיל מיליאָנען יונגע קינדער,
זיי לערנען מאָרדן, שיסן, שטעכן!
פון דער לופטן פולווער שיטן,
שטעט צעשטערט און צעברעכן...

און עס הערשט ניט מער קיין יושר
קיין געפיל און קיין געוויסן;
ניט נאָר קריגער, — פרויען קינדער,
פון דינאַמיט ווערן צעריסן...

און זיי שאַפן און זיי גרייטן
מער מאָדערנע קריגס כלי־זיין;
און די פעלקער, לײדן, בלוטן,
און פון ווייטאָק אַזש זיי שרייען...

טו דו עפּעס, הימל שעפער,
זייער צאָרן איינצושטילן!
ניין! שרייט אויס „מאַרס” „דער קריגער”,
גיב ניט נאָך דעם פרידנס ווילן!

פרידן ועט קיין נוצן ברענגען,
פון וועג די מענטשהייט נאָר פאַרפירן!
אַ פּאָר געקרוינטע בלויז פאַרבליבן,
ועסטו זיי נאָך אויך פאַרלירן...

די פאַשיסטן, וואוילע יונגען,
זענען מיינע בעסטע קונדן;
האָבן באַלד שוין אין די פלאַמען,
גאַנצע וועלטן אָנגעצונדן...

זייער חוצפה און געמיינהייט
קען איך אויך שוין ניט פאַרטראָגן;
אויף דיינע הייליקע געזעצן,
זיי האַלטן זיך אין איין באַקלאָגן.

דאָך גרויסער האַר האַלט אָפּ דיין משפּט,
כ׳דאַרף מיין דאָרשט אַ ביסל שטילן.
די פּאַשיסטן און געקרוינטע,
האַלטן איצט אין טאָן מיין ווילן...

די הערשער דאַרפן פּאָרטשריט ברענגען, —
נייע צייטן, נייע שיכטן;
און די אַלטע דעמאָקראַטיע, —
אויף שטענדיק ווילן זיי פאַרניכטן!

איך וויל פרידן! איך וויל פרידן!
גענוג, גענוג שוין בלוט פאַרגיסן;
און איך בין קראַנק, כ׳גיי באַלד אונטער! —
שרייט די שטימע פון געוויסן...

די הערשער ווילן מיך דערשטיקן,
זיי ווילן ניט מיין שטימע הערן!
אָ, ליבער האַר פון אַלע הימלען,
פון דער מענטשהייט וואָס וועט ווערן?

## צו דיר!

און איצט ווען דו האָסט מיך דערקענט,
דורך מיינע האַמער קלאַנגען.
דריק איך שטאַרקער מיט די הענט
און בין גרייט דערפילן, דיינע פאַרלאַנגען.

ווען הערן וועל איך פון דיר פרייד,
וועט פריילעך האַמער קלינגען.
צו דינען דיר בין איך שטענדיק גרייט,
און דיר מיין ליד צו זינגען.

און ווען דערפילן איך וועל דיין פיין,
וועל איך דאַן אויך שטיל ניט בלייבן.
מיט דיר שטענדיק וועל איך זיין,
צו שטילן דיינע ליידן...

# אינהאַלט:



## ניו יאָרק



## קינדערלעך יונגע



## פעלד און וואַלד

## לעבן און קונסט



## פון קראָם

## לידער פון אַרבעט



## צו אייגענע ברידער

## צייט מאָטיוון



## אויף באַזוך אין סאָוועטן פאַרבאַנד



## פון קינדער יאָרן



## פאַרשיידענע לידער